פאַרן דיכטער אַ פּראָגראַם
וואָס צו זינגען און צו זאָגן,
דאָ, אין אונדזער גרויסן יאָם
פון יעסורעם און פון קלאָגן.
מאָרים ראָזענפעלד

# מיינע לידער

מעגן מיינע לידער גרילצן
פאַר מענטשן מיט איידל דערצויגענע געהערן,
מעגן מיינע ווערטער ניט זיין אַזוי געפּוצט,
אָבער אויך דער וואָלף אַף וועמען הונגער לויערט
פיילט ניט זיין געשריי,
און ווי דעם צאַפּל אונדזערן וואָס די באַנען טראָגן
ווי קראָען שטיקער פלייש פון אַ פייגער,
~~קלייבט ניט זיינע קלאַנגען אויס!~~
אַזוי טראָג איך אָט דאָס
וואָס ליד מיינס ווערט אָנגערופן,
פון האַרטן ערום אויסגעגראָבלט,
פון שטיין און אייזן אויסגעגעבן,
אין דער צענויפגעקנוילטער געצאַמטקייט
פון דער גרויסער שטאָט,
אַרט מיר ניט אַז געשטעמפלטע [illegible]ערע
וועט מיינע הוילע ווענט ניט באַצירן:
ווייל, ווער קען דאָס איצטער זיין אייגענעם גוף גלעטן?
און ווער קען דאָס איצטער זיין וואָרט אין אַ גאָלדן קעסטל
פאַרשליסן?

אַז אונטער יעדן טראָט קרעכצט דאָס איצטיקע
איר אונטערגאַנג אויס.
און פון ווינקלען לאַנג פאַרלאָזטע,
און פון ערטער לאַנג באַשפּיגענע,
טראָגט זיך מיט צעשפּרייטע פליגלען
דער אָנזאָג פון אַ נייעם מאָרגן.
איז ווען גייט עס אָן דער צאַר
פון דעם וואָס קלאָגט אין אָפּגעהיטע גראַמען
וואָס זיין געליבטע האָט אים פאַרלאָזן?
און ווער קען זיך באַעפטן מיטן ווײ,
פון די, וואָס ווערן דערשטיקט
אין זייער איינגעזזעסענעם שימל?
ווייל ניט דערפילט האָבן זיי דעם געשריי
פון צעבייזערטע מיילער, אייזערנע,
וואָס רייצן זיך אין געיעג
יעדע אויסגעפּייניקטע מינוט איינצושלינגען,
און מיט די אייגענע הענט שטייפן זיי זיך שטאַרקער איין
אין שטאָליקער געצאַמטקייט:
איז ניט אין איינגקייט וויקל איך זיך איין
נאָר צופּאָכט איבער ברייטע וועגן
שפּאַן איך ניט געמאָסטן
מיטן צאַר פון די, וואָס צעבליען לעבן!
קלייב איך ניט קיין טאָן,
קלייב איך ניט מיין וואָרט,
נאָר ווי ברום פון פויקן צעשאָטענע

וואַרף איך גאַנצע הויפנס צערודערונג
אַף שטיינערנע בערג, —
בויג איך ניט מיין קאָפּ אין טרויער
וואָס איבער מיין וואָרט
ווען מענטשן באַברילטע זיך ניט גריבלען
און די שטערנס קנייטשן,
און די אייביקייט לאָז איך איבער
צו די, וואָס ווילן אַז זייער וואָרט
זאָל אַף פאַרשטויבטע פאָליצעס
איינגעמאַרענירט ווערן:
איך טראָג מיין זאָג צו די
וואָס ווען דורך טעמפּקייט אנגעגליט ווערן,
ווייל דער שטאָם פון וועלכן איך קום
בויערט זיך שוין מיט אופגעברויזטע בלוט
דעם לעבעדיקן אָטעם פאַר זיך איינשפּאַנען,
און מיט זייערע טריט ברענען זיי
פאַר זיך די אייביקייט אוים.
יאָג איך מיין געשריי צו די גרעניצן
פון וואַנען אַ צעשטראַלטער יאָנטעוו
וועט אַף וועגן זיך צעפּאָכן.



י. ג.

# אמעריקע

# אונדזער רוף

## 1

אַמעריקע! נאָך איידער טעמפּלען פאַר דעמפּסי'ס פויסט
זיינען אופגעשטעלט
אַף דיין שמאַלציקער ערד,
און אַף וואָל סטריט דיינער,
אַ גאַס אין דיין אייזערנעם שמוצקאַסטן,
וואָס רופט זיך דיין ניו יאָרק, —
זיינען נאָך ציגן געשלאָפן
אונטערן שאָטן פון ביימער.
און איבער דיינע ברייטע וועגן
פון מיירעוו צו מיזראַך,
פון צאָפן צו דאָרעם!
האָבן קאַראַוואַנען זיך געצויגן,
מיט זין, געוואגטע,
וואָס האָבן מיט זייערע פעסטע טריט
מיט זייער פעטן בלוט
דיין גרויסקייט אויסגעהאָדעוועט,
האָט זיך דאַמאָלסט
פון ווינקל צו ווינקל דערטראָגן
דער רוף צו דיינע רויט בלוטיקע זין:

עוועיק אַמעריקאַנס! עוועיק אַמעריקאַנס!

2

היינט שטייסטו אַ אופגעשוואָלענע
מיט אייזן איבערגעגעסן,
מיט פליישיקער כוצפּע
אַף דיין שטאָלענעם פּאָנעם,
מיט געפּאנצערטן פויסט
צו דיינע רויט בלוטיקע זין
פון היינט,
וויקלען זיך דיינע הערן באָרם איין
אין דיין פּאָן,
אונטער וועמענס פלאַטער
דיינע פּאָול רעוויערס זיינען געשטאָרבן,
און מיט זייערע הייסע אָטעמס
פון זייער אייגענעם בלוט
פּאַבריקן פאַר דיר אויסגעאָטעמט,
און איבערן אייזערנעם גוף
פון דיין פרייהייט סטאַטוע,
וואָס שטייט אַ פאַרשטויסענע
אין דיינעם אַ ווינקל ערגעץ,
שפּאַצירט אַרום
אַנשטאָט טאָמאָס פּיין
דזשאָן דיוויס,

3

פון די אויסגעהוסטע לונגען
וואָס מיין טאַטע האָט איבערגעלאָזן

אין איינעם פון דיינע פאַבריקן,
און פון מיינע אייגענע יאָרן
וואָס וועלן ווייטער פאַר דיר
פאַבריקן אויסזייען !
כאָוועז זיך באַ מיר זין דריי
אויסגעשמידטע פון דער גרויסער שטאָט
פון הונגער אויסגעגאָסענע,
אַף דיין שמאַלציקער ערד
אַמעריקע !
טרעטן זיי מיט טריט פעסטע
מיט מוסקלען אייזערנע,
טראָגן זיי מיט ברוסטן אויסגעהאַמערטע
פון ווינקל צו ווינקל,
פון מיזראַך צו מיירעוו
פון צאָפן צו דאָרעם
אַף דיין שמאַלציקער ערד
אַמעריקע !
דעם רוף׳צו דיינע זין,
עוועיק אַמעריקאנס ! עוועיק אַמעריקאנס !

## מיר דאָ

1

אויסגעבויט האָבן מיר דאָ מויערן גרויסע,
שטייען זיי מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער צום הימל,
מיט אַ שטאָלענעם פייג צו אונדז,
וואָס דרייען זיך ווי מוראַשקע־קנוילן
און גלעטן זייערע ציגעלנע גופים!
ווינקען זיי איבער צו יאַמען
וואָס ליגן ווי לוזשקעס אונטער זייערע פיס,
האָבן מיר זיי אַ נאָמען געגעבן אונדזער „גלאָריע"!
זינגען מיר אַ ליוב צו זיי
טאַנצן מיר ווי די אינדיאַנער
אַרום אַ הייליקן פייער!
און פון לאַנד צו לאַנד,
פון פאָלק צו פאָלק,
קלינגט אונדזער אייזערנע גרויסקייט
קלאַפּט אונדזער קופּערנער שטאָלץ,
שפּרייט זיך אונדזער צעכראַסטשעטע פרייד.

2

און מיר אַליין דאָ!
וואָס האָבן דאָס לאַנד צעגראָבן

און מיט אונדזער בלוט
איר געשוואָלענע באַרימטקייט
ווי אַ פויסט פאַר דער וועלט אַרויסגעשטעלט!
מיר אַליין דאָ!
וואָס האָבן אונדזערע זין
ביקסן אַף די אַקסלען אַרופגעוואָרפן
און מיט פרייד זיי געשיקט
אונדזער גרויסקייט פאַרזיכערן,
ראַיען מיר זיך ווי זשאַבעס אין זומפּן,
שטאָפּן מיר די לייבער,
טאַנצן מיר פון היינט אויסגעקרימטע!
ליגן מיר מיט אָנגעבלאָזענער פוסטקייט
ווי מיסט צעוואָרפענע
אַף נאַקעטע פעלדער
אונטער פיס פון לויפענדע פערד.

3

וואו איז מיין לאַנד?
נאָך איידער מיינע פיס
האָבן פעסט זיך אַף דער ערד געשטעלט!
נאָך איידער מוסקלען ווי אייזן
זיינען אין מיינע הענט אופגעוואָקסן
און האָר האָט זיך נאָך ניט אַף ברוסט באַצויגן,
האָב איך שוין אַ גרויסע שטאָט דערזען!
האָבן מיינע הענט אין אַרבעט זיך געפלאָנטערט

און זאַכן זיינען אין ריזיקייטן אויסגעוואָקסן,
דאָרטן וואו נעכטן האָבן מיינע פיס
פעלדער געטראָטן.
האָבן היינט זיך הייזער
מיט פאַרצאַמטער ברייטקייט צעשטעלט!
און ווען איך האָב דעם ביקס
פון די אַקסלען אַרונטערגענומען,
און מיינע בלויע קליידער
פאַר אַ צווייטן ווי איך איבערגעלאָזט,
איז די באַוערי מיין היים געוואָרן,
און די שמוץ קאַנען — מיינע שפּייזגעבער.

4

וואו איז מיין לאַנד?
דאָ פון די טפּיסעס
פון האַוואַי ביז אילינאָי,
וואו ס׳דערטראָגט זיך דער רוף
פון די כאַוויירים מיינע,
וואָס האָבן געוואָלט אַז וואָל סטריט
זאָל אונז אין די גאָלדענע געדערים ניט איינשלינגען,
דאָ, וואו ס׳זיינען דאָ בראָדוויי גאַסן,
און מיר, ווי קוקלעס אנגעשטאָפּטע
הייגען אַף די ווענט פון מויערן,
דאָ איז מיין לאַנד!

און אַף מיין לאַנד דער איבערגעפרעסענער
וועל איך דעם רוף פון מיין קלאַס אויסברענען!
אַף די כוצפּעדיקע מויערן
וועל איך אונדזער פאָן אופהייננגען,
און צו אונדזערע מיליאָנענדיקע כאַווײרים
וואָס האָבן דעם קאַמף שוין דערפירט,
וועל איך איבערן פּאָנעם פון יאַמען
אַ האַנט אַ ריזיקע אויסשטרעקן.

# אַנזאַג

לענינס אנדיינקונג

1

ברידער מיינע דאָרטן!
מיט יאַמען אָפּגעצאַמטע
פון אָקטאָבער אויסגעפורעמטע!
אַנזאַג האָט איר אונדז איבערגעשיקט
אויסצופלאַסטערן די ברייטקייט פון אונדזער לאַנד,
אונדזער לאַנד ווי!
ווי מידבאַר זאַמדן אויסגעטריקנטע
ליגן מיר אַף דער גאַנצער ברייטקייט צעלייגט,
פון ניו יאָרק ביז סאַנפראַנציסקאָ,
פון שיקאַגאָ ביז ניו אָרלינס
שטומט אונדזער צאַר.
ווערגן מיר זיך מיטן אייגענעם הונגער
וואָס איבערגעשטאָפּטע גוטס
קוועטשט אין אונדזער פלייש אַריין,
איז צעטומלטע בלאָנדזשען מיר אַרום
אַף וועגן ווילד פאַרוואָקסן,
מיט פוסטקייט וואָס קוויטשעט אַרויס
פון הויכע שטאָקן פענסטער
וואו מיר פלאָדיען אונדזער טעמפּקייט

ווי פליגן אַף קופּעס שמוץ,
בראָדזשען מיר אין שטויב
וואָס פאַבריקן האָבן אַף אונדזער וועג אָנגעקערט
ווי זשאַבעס אין זומפּן פאַרשטונקענע!

2

ברידער מיינע דאָרטן!
פון קאַמף אויסגעשמידטע;
פון גרויסן גלויבן אין איינעם אויסגעגאָסן,
בויגט זיך מיינע הונגער טעג פאַרשעמטע
פאַר אייך ביז דער ערד אַרונטער,
שלעפּ איך זיי ווי קרעץ אַף מיין גוף,
און ווי טשאַטעס הימלאָזע הינט
בילן זיי מיר נאָך אַף מיין איינגן וועג,
איר ברידער מיינע דאָרטן!
האָט פון הונגער טעג
אַן אָנזאָג פאַר מיר אויסגעכאָוועט,
שפּיציקע פויסטן האָט איר אויסגעשאַרפט,
און אַ וועג פאַר מיר פון דער ווילדקייט אויסגעשניטן,
מיט אייער גלויבן האָב איך די ווענט מיינע באַפּוצט
און דעם היינט האָט איר פאַר די שפּיציקע הערנער
ווי אַ געזונטן אָקס לעם מיין טיר אָנגעבונדן.

3

ברידער מיינע דאָרטן!
פון היינט געמושטירטע!

פון לעבן אויסגעזוונגענע !
יאָרן מיינע וואַלגערן זיך
ווי אָפּפאַל שטיקלאַך
אין פאַבריק ווינקלען,
אין שטעכיקן נויט איינגעשמירט,
האָט זיך פון זיי באַ מיר
דריי זין אויסגעהאָדעוועט !
וואַרטן שוין פאַר זיי אינערגעצן
אין אונדזער גרויסן לאַנד
פאַבריקן מיט הענט אופגעביילטע,
גריבער מיט שוואַרצן שוים אַף די מיילער,
און ליפּן שמאַלציקע באַלעקן זיך
וואָס באַ מיר זיינען דאָ זין דריי !
אָטעמען זיי מיט מיין האַס
וואָס שרייט אַראָפּ פון מיינע
נויט צעקרימטע ווענט,
טראָגן זיי אַף זייערע פּלייצעס
מיינע יאָרן וואָס איך וועל נאָך דאַרפן
אין פאַבריקן איבערלאָזן.
צעוויגן זיי איבער געבויגענע קעפּ
די האָפנונג וואָס איך האָב
מיט יעדן ביסן דערשלונגען.

4

ברידער מיינע דאָרטן.
פון נעכטן אויסגעשיילטע !

מיט רויטן מוט אין אייער טראָט,
אונדזער קאַמף האָט נאָך זיין סאָף ניט דערלעבט
ברייננגען מיר אים אַף אונדזערע הענט
פון אַרבעט פאַרהאַרטעוועטע,
און מיט אויגן אין פייערגעצונדן
ברענען מיר מאַכנעס אָן,
און פון טירן פאַרשפאַרטע
וואו מענטשן קנעטן אייזן אוים!
און פון וועלדער געדיכטע
וואו שאַרפע העק גליטשן ביימער אראָפּ!
שפרינגט אונדזער רוף,
די וועלט פאַר אונדז!
פרייד מיט אונדז!

# אָט דאָס זיינען מיר

מיין פעטער מוישקע פּרוזשאַנסקי
אין גראָדנער טיורמע.

1

ווער פון אונדז זעט דען אַ זון אופגיין?
ווער פון אונדז ווייסט דען ווי דער פּאָנעם
פון טאָג זעט אוים?
אַליין פאַרצאַמטע ליגן מיר
מיט זשאַווער ביז די ביינער,
אָטעמען מיר פוסטקייט איין,
קנייטשן מיר די זעלבע ווענגן
היינט אַזוי מאָרגן ווייטער!
און ניט קיין אָנגעפּילטע זיינען מיר
און די אייגענע ווענט
האָבן שוין באַלד אונדזער פלייש אופגעגעסן,
שרייען מיר מיטן געשריי פון די באַנען
וואָס לויפן איבער די קעפּ!
רעווען מיר ווי די פאַבריק פייפלען
וואָס טרייבן אונדז ווי אָקסן צענויף!
גריזשען מיר די אייגענע ביינער
ווי היימלאָזע הינט,

2

גרויס איז די שטאָט
שטייף איז איר גוף,
טרעט זי מיט שפּיזיקע טריט
איבער אונדז.
ליגן מיר געבונדענע מיט דראָטן שאַרפע,
לאַכט זי מיט איר גאָלדענער מויל
פון אונדזער צאַר,
קוועטשט זי אונדז אין אירע אייזערנע אָרעמס אַריין,
בלייבן מיר פאַרגליווערטע ווי די רעלסן
וואָס ציען זיך ווי אָדערן
איבער אירע מויערדיקע גאַסן,
ווערן מיר שפּילצייג
וואָס קען איר קופּערנעם פּאָנעם באַפּוצן!
כּאָרכלען מיר מיט גלעזערנער פרייד
וואָס אַ הויט פאַרדעקט די ביינער,
דינען מיר צו דער ביסל לופט
וואָס זי לאָזט אונדז
אין די געדערים אַריינזופּן.

3

און וואָס איז דאָ פאַר אונדז פאַרבליבן
נאָכדעם ווי מיר האָבן פון אונדזער קויאָך
ריזיקע מויערן דער שטאָט אויסגעשפּיגן?

און וואָס זיינען מיר געוואָרן
נאָכדעם ווי מיר האָבן אירע יאַמען באַפּאַנצערט?
פּעך צעצויגענע וואָס ציט זיך ווי קראָען סטאַדעס
איבער די אויסגעפּלאַסטערטע גאַסן,
טראָגן מיר זיך מיט קרעץ אַף די לייבער,
ליגן מיר אין קופּעס אין די ווינקלען
ווי מיסט אָנגעוואָרפענע!
זיינען מיר צעפּוילט
ווי פּרוכט אַפן וועגל פון אַ גאַסן־הענדלער
אַף איינער פון די בלאָטע גאַסן.

## צו דיר רוסלאַנד

1

רוסלאַנד, נאָנט זיינען מיר
דיינע שליאַכן,
כאָטש מיינע טריט האָבן קיינמאָל ניט
זייער פּעטקייט איינגעצויגן,
ווייל נאָך איידער דער גוף
האָט דאָס לעבן פּעסט דערפילט
האָבן שוין מיינע אויגן דערזען
אַ לאַנד אַ אַנדערע,
בין איך דיר ניט פרעמד געוואָרן!
ווייל גרייט בין איך שטענדיק
דעם געזאַנג פון דיינע וועגן צו דערטראָגן,
און כאָטש יאמען וועגט פאַרשטעלן אונדז די וועגן,
און כאָטש וואָכן אויסגעוויקטע
ווילן דעם וועג אונדז איבערזעגן,
בין איך אַפילע מיט קיין מינוטן
ניט ווייט פון דיינע טויערן
צו וועלכע איך טראָג מיין איצטיקן לעבן אַ אָנגע-
גלוטן
פון אַ וועלט פאַרקלאָגט אין טרויערן,
וויל איך זינגען אין דעם סטיל

פון דיינע פּאָעטן זין
וועלכע האָבן שוין דעם טרויער
אויסגעשמידט אין שפּיל,
טאַנצט אָבער אַרום מיר דער נעכטן,
שניידט אין די ביינער דער ווײ
פון נעגל מיט נעגל געפּעכטן,
פון קאַמף פאַרן זיין דער געשריי.

2

מיר זיינען דאָ נעפּלען היינגענדיקע
פון אייזערנע אָטעמס אויסגעשפּיגן:
איז ניט דערקענען קען מען
די הויט פון דער אייגענער לייב,
און ניט קיין פּאָנעם איז דאָס
אַף אונדזער קאָפּ צוגעקלעפּט,
נאָר שרייפלאַך נישטיקע
פון אייזן איינגעשלונגען!
זיינען מיר אָט דאָ
לייב מיט לייב צענויפגעקנוילט
ווי שמאַטעס בינטלאַך
אַף אַן אַלטוואַרג וואָגן.
ווייסן מיר ניט פון קיין היינט,
ווייסן מיר ניט פון קיין מאָרגן,
זאַכן זיינען מיר אַזעלכע
וואָס מיר אַליין באָרגן,

באַם פֿאַבריק פּייף
די בידנע פּאָר מינוטן,
קדיי זיך קענען ווייטער דערטראָגן,
דאָרטן וואו מיר ווערן
אַף גרילצנדן שוים אויסגעזאָדן.

3

רוסלאַנד, איך בויג ניט מיין קאָפּ פֿאַר דיר,
ווייל אויסגעלערנט האָסטו אונדז
דעם קאָפּ אַ געהויבענעם טראָגן,
האָב איך שוין מיין בעטלער היטל
לאַנג מיט די אַלטוואַרג אַוועקגעוואָרפֿן,
איז מיט די פֿויסטן שלאָג איך
אין דער טעמפּקייט פֿון דער נאַכט,
און ערטער ניט באַוואַקסענע
פֿאַרזיי איך
מיט מיין צאָרנדיקן רוף.
און אַף אַלע סטעפּעס
פֿון דעם גרויסן לאַנד, —
האָב איך מיין קאַמף
פֿאַר אַ נייעם מאָרגן
צעשטעלט אַף יעדן ראַנד,
שיילט זיך שוין באַ אונדז
דער אָנקום פֿון יעדן ווינקל אויס,
צעעפֿענען זיך די ווילנס
פֿון אַ נייעם טאָג,

רוסלאַנד, איבער קלויסטער שפּיצן
האָסטו זיך אויפגעהויבן,
שטייען די קלויסטער
ווי כורוועס צעגריזשעטע
אַף שטויביקע וועגן פאַרלאָזט,
מיט פאַרשטונקענעם צאַר אַף די ווענט צוגעקלעפּט,
מיט ווייַ פון דוירעס אין ווינקלען אָנגעשאַרט,
צו יאָגן גלעקער אַף פיילן פאַרשפּיצטע,
אַ נייעם גלויבן מיט קאַמף איינגעביסן
פון בלאָטעם פאַרטריקנטע געריייניקט,
מיט אויסגעהאַמערטער ברידערלאַכקייט געלייטערט:
באָדן מיר דאָ, אונטער דיין נייער זון
די לייבער אונדזערע פון צאָרנדיקן זשאַווער צופוילט
פון אופגעבלאָזענער גרויסקייט פאַרגליווערט, —
צעשאָקלען מיר מיט אייזערנער גוואורע
פון דיין אנווייזנדיקן אָנהויב אָנגעהויכט
די ווענט וואָס האָבן אונדז
אין זיך איינגעמויערט!
קייקלען מיר אונדזער האָפענונג
דורך בלייאיקע צאַמען אופגעשטעלט,
צו די וואָס וואַרטן פאַר דעם
בלוט אויסגעריסענעם מאָרגן.

5

רוסלאַנד, אין מיר זידט דאָס בלוט
פון דיינע זין וואָס האָבן דיין ערד באַפּעט,
צינד איך אָן אַלע עקן פון דעם לאַנד,
און אַף יעדער טיר לאָז איך דעם צייכן איבער
פון די, וואָס האָבן דיין היינט אויסגעשפּינט,
איז דאָך דער גוף ניט מיינער,
גרייט איך די יאָרן וואָס ער טראָגט אין זיך
דעם קאַמף מיט זיי הייליקן,
איז ניט קיין פאַרשעמטער שאַר איך זיך
וואָס אַ פרעמדע ערד וועט מיר צודעקן,
נאָר אָנגעגלוט האָב איך שוין
די טיילן פון מיין בלוט,
וואָס איך האָב פון שימל אויסגעשניטן;
און אויסגעקריצט האָב איך אַף זייער לייב
דעם טאָג פון צעשטערונג
צו באַגעגענען,
און אויסגעשאַרפט האָב איך זייערע טריט
דעם אָנזאָג ביזן סאָף דערפירן.

# אונדזערע בלאָטעס

איזי כאַריק'ן פאַר זיינע
„מינסקער בלאָטעס"

1

ניט קיין הענער זאָגן אונדז אָן,
אַז דער פרימאָרגן איז דאָ,
נאָר ווי דער געשריי פון אַ קראָ
מיט פויסטן האַרטע אַף אונדזער גוף
בייסט ער אונדז ביז דיביינער איין,
גריזשען מיר זיך אַוועק צו פאַבריק מיילער אָפּענע
וואָס וואַרטן אַף אונדז מיט גרויע ווענט אָנגעגרייט:
און באַנען האָבן מיר
וואָס אונדזערע פרימאָרגנס
האָבן מיט די נעגל אויסגעגראַבלט,
דרייען מיר זיך צעריסענע אַרום
מיט טריט וואָס ווייסן ניט וואו וועגן פירן,
און ווי אַף ערד פאַרפרוירענע
וואָס העקבויערס רייסן פאַר קוואָרעם אוים!
אַזוי רייסן מיר אַביסל אָטעם אוים
פון די מויערן ווענט אין גרויע קליידער באַדעקטע, —
קעדעי צו דערציען ווייטער צו אַ שטאָט עק
וואו ס'וואַרטן אַף אונדז מאַשינען

מיט שאַרפֿע ציינער
איינצוקייען אונדז
אין די קאַלטע גופֿים זייערע;
און אַז נאַכט שפּרייט איר טאַנץ אויס
אַף די שמוץ קאַנען וואָס באַצירן אונדזערע גאַסן
ווי בוימער אין וועלדער,
וואָס אונדזערע אויגן זעען קיינמאָל ניט אָן,
שרייען מיר געזאַנגען אַזעלכע
דורך פֿענצטער וואָס האָבן זיך
אין טורעמס פֿאַרשמירטע אַריינגעגאַנוועט,
קייקלען מיר זיך שווייסיקע אין לעבער איינגע
וואָס מיר רופֿן טאַנצזאַלן אָן,
פֿאַלט אונדזער ברומען אַ געשוואָלענער
אַפֿן צעמענט דעם האַרטן;
„יעס סיר, דאַט׳ס מיי בייבי״.

2

ווען הונגער שניידט אין לייב זיך איין
רוקט מען זיך אין די ווינקלען אַריין
מיט טעמפּקייט אין די גלידער,
און אַף מערק קלייבט מען זיך צענויף
די מוסקלען נאַקעטע פֿאַר קונדן אַרויסשטעלן,
און די קינדער צעשפּרייט אַף אַלע גאַסן ווינקלען,
בייגל געזאַלצענע און צייטונגען צו פֿאַרקויפֿן;
ביילן זיך ניט פּוסטן,

קריצט ניט קיין צאָרן פון די אויגן אַרויס;
נאָר ווי ספּרוזשינעס אָנגעצויגענע
אַף וואַנציקע בעטן
לייגן מיר זיך אין בלאָטעס אויס
ווי אין אַ לאָך אַ מויז
און זופּן זשאַווער איין.
און ניט פון סינע הייבט זיך באַ אונדז
אַ האַנט אויף אַ פענצטער צעבראָכן,
נאָר מיט קנייטשן איינגעשניטענע
אין צעדרייטן פּאָנעם,
וואַרטן מיר אַף אַ וואַרימען צימער
אין ערגעצן אין אַ טורמע פון שטאָט.

3

אַז באַ די קוילן גרעבער
שפּרייט דער הונגער
אַף די ווענט זיך אויס,
און באַ די ווייבער ווערן די אויגן
אין די פּאָנעם ביינער אַריינגערוקט,
און די קינדער האָבן נאָך ניט קיין מוסקלען אַזעלכע
וואָס זאָלן קענען אַ האַק אופהייבן,
שאַרן זיי זיך פון די גריבער אַרויס
ווי שאָטנס אַף אַ וועג אַ פינצטערן;
שמירט די קעלט אונדז איין
ווי בלאָטע געדיכטע:

זיינען קיין וועלדער ניטאָ
האַלץ אָנצוהאַקן,
ווערן די לייבער ווי אָטאָמאָביל־רעדער אָנגעצויגן.
גראבלען מיר די אייגענע הויט
די גופים צו דערוואַרימען,
וואַרטן מיר ביז באַ די גרעבער
וועלן די בייכער פון הונגער אופלויפן,
און זייערע קינדער וועלן ווי בלאָטע פאַרפרוירענע
בלייבן ליגן
ווייסן מיר אַז דאַמאָלסט וועלן זיי
האַק און רידל צוריק אַף די אַקסלען נעמען,
און מיט קעפּ אַרונטערגעלאָזענע
אין די גריבער ווי בלאָטע אַרונטערזינקען.

4

נישט ברודער הערן מיר דורך מיילער רופן,
נישט קיין אויגן צינדן זיך אָן
ווען דער נאָמען ברודער ווערט דערמאָנט,
נאָר מיט צעקרימטן געלעכטער שפייען מיר שפיזן אויס,
און די פאַלשקייט שרייט אַרויס אַפילע
דורכן גרילצן פון די גאַסן באַנען,
און ווי זוינעס זיינען מיר גרייט
פאַר יעדן סענט ליבע איינטיילן:
שטייען מיר ווי בעטלער צעקרימטע
מיט הויט אַף אויגן באַדעקט,

הייגגען מיר אונדזערע האָפֿנונגען,
וואָס דזשאָן ראָקפֿעלער האָט אַמאָל
ציימונגען פֿאַרקויפֿט.
און מיט אויגן אין בלוט געזונקענע
און מיט רויך דורך די נאָזלעכער.
רייסן מיר די קעפּ פֿון ווינקלען אַרוים
מיט נעגל פֿון פֿלייש גאָלד אַרויסגראבלען,

5

אַז פֿון אונדזערע בלאָטעס האָט זיך אַ ליכטיקייט
אופֿגעהייבן,
און טאָג האָט די הענט צעשפּרייט,
האָבן מיר ווי כוואַליעס אופֿגעשטורמט
און איבער די קעפּ פֿון מויערן אַנגעהייבן שפּאַנען;
און מעגן זיי גיטלאָוון אין אייזן איינצאַמען!
און מעגן זיי מיט שפּיזן אונדז דעם וועג וועלן צאַמען!
מיר קומען אין מאַכנעס גאַנצע
פֿון פֿאַבריק מיילער אַרויסגעכראַקעטע,
מיט פֿויסטן פֿאַרשאַרפֿטע צעפּאַכט!
מיט געהייבנקייט אַף אונדזערע ברוסטן,
מיטן רוף פֿון אונדזערע פּיטסבורגער כאַוויירים
אין די מוסקלען איינגעביסן,
מיטן גלויבן פֿון מאָסקווע אַף שטערן אויסגעקריצט!
דאָס קומען מיר איצטער
מיט אונדזערע זיכערע טריט
אַ וועג אַ נייעם אויסברענען!

## באַ אונדז

1

איבער קעפּ האָט זיך די נייעס געטראָגן,
דער אָטעם פון לאַנד
האָט זיך אָפּגעשטעלט.
אויערן אין נייגעריקער דערוואַרטונג
האָבן זיך פאַרשפּיצט,
אומגעדולדיקע פרייד
האָט זיך אין יעדן גליד געשפּאַרט
אַלץ פון אַלעמען
האָט זיך אין איינעם אופגעגאָסן,
פאַרשאַרט איז אַלץ אין אַ איינגן ווינקל.
ניטאָ מער קיין קוילן מאַנגל,
און גרויסמוטיק האָבן מיר
מיט אָפענע אָרעמס
פּאַסייק אַ געבענטשטע
צו אונדז צוגעטוליעט.
הונגער? אָ, ברויט איז דאָ גענוג
אין אַלע שפּייז קראָמען פון די שטעט.
וואַרפן שווייסיקע ציטונג-מאַשינען מיט אימפּעט
די גרויסע נייעס צו אונדז!
און אַלע ראַדיאָ סטאַנציעס

פײַפֿן אױס אונדזער ברײטע פֿרײד
און איבער יאַמען שיקן מיר איבער
אונדזער אױסגעפּוצטן שטאָלץ,

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

קולידזש האָט אַ געגעץ געטאָן
באַם קײװער פֿון אומבאַקאַנטן סאָלדאַט!
קולידזש האָט אַ געגעץ געטאָן!

2

געבענטשטע זײנען מיר
װאָס איבער אונדז הײנגט דער זעלבער הימל
װעלכן פֿאָרד און ראַקענפֿעלער
דולדן איבער זײערע קעפּ!
און גוט איז אונדז, װאָס פֿרומע קריסטן זײנען זײ,
און קלױסטער טירן זײנען ברײט אָפֿן
װאו מיר קענען אַ כּוח דער ליבע
פֿון ברודער־מענטש צו ברודער־מענטש,
זיך אױך דערװיסן די אומשולדיקע טיף־פֿרומקײט
פֿון אונדזער אַמעריקאַנער הײם,
איז אַ לױב צו דער אױסגעגליכטער מעגלאַכקײט
באַ אונדז!
רודערט זיך אין יעדן װינקל
דריקט זיך שטאַרקער לײב צו לײב,
שפּרינגען פֿאַרשײטער דזשעז טענער

און מיר שמירן מיט זיי אונדזערע לייבער!
יאָגטעוודיק צעזייט איבער אַלע ווינקלען
גלעקער מיט אויסגעקלונגענע בראָכעס אַף די קעפּ,
אַף בראָדוויי האָבן זיך כאָריסטקעס
אין לייל־אַכער איינגעוויקלט
און מיט הייליקן ווייראַך די גאַסן אויסגערויכערט,
שטאַרקער האָט זיך פאַרקניפּט
דער בונד צווישן מאַן און ווייב,
פאַרטריבן איז די זינד
איבער די גרעניצן פון לאַנד!
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
סטילמאַן האָט זיך צוריק מיט זיין ווייב פאַראייניקט!

3

ווער קען זיך דען צו אונדז פאַרגלייכן?
ווער קען דען נאָך אַזאַ גלאָריע ווי אונדזערע
אויסגלעטן?
שטאָל באַפּאַנצערט איז אונדזער קויאַך
שפּיציק קלוג זיינען אונדזערע זין,
דאָ אין דער היים פון די פרייע
אין דעם לאַנד פון די בראַווע:
קושט זיך אין צעשלומפּערטן טאַנץ
אונדזער אָנגעפּילטע זיכערקייט
אַלץ איז שוין פאַרזאָרגט:

פון שטינקענדע גאַז באָמבעס
ביז די מאָדערנסטע האַרמאַטן.
איז צעשטעלט האָט מען מאָנומענטן
דעם „פרידן אַף דער ערד
און גוטער ווילן צווישן מענטשן“,
איז וואויל אונדז דאָ!
איז גוט אונדז דאָ!
אָפּגעווישט האָבן מיר שוין אַלץ.
אַלע פראַגן זיינען שוין אויסגעטריקנט,
נאָר איין זאַך האָט זיך אַקשאָנעסדיק פאַרפּלאָנטערט:
איז פאַרקלערט האָט זיך דאָס פאָלק
אַוועקגעלייגט האָט מען די ביכער
אין די אוניווערזיטעטן,
אויסגעוועבט האָט זיך דאָס ביסל פּראָהיבישאָן
אין אויסגעמאַטערטער אָנשטרענגונג,
דאָס ווייסע הויז אונדזערע
האָט זיך אין שלאָפלאָזיקייט איינגעשרומפּן!
די צייטונגען האָבן זיך צערודערטע
אין דער גרויסער פּראָבלעמע געגריבלט:
אַף יעדן פּאָנעם האָט זיך
דער נאַציאָנאַלער בראָך איינגעשניטן!
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
וועט דעמפּסי זיך יאָ שלאָגן
צי ער וועט זיך ניט שלאָגן?

# ניי יאָר

1

ניו יאָרק האָט איר בויך אופגעריסן;
האָט מען זיך פון איר אינגעווייד אַרויסגעקייקלט
און אין די גאַסן זיך אופגעפּרעסט,
וואַקלט מען זיך ווי שטרוי-אָנגעשטאָפּטע קוקלעס!
באַלד וועט וואָל סטריט אַ שטריק אַצי טאָן
און גלעקער וועלן זיך איבער די קעפּ צעפּאָכן.
פון דער באַוערי וואָס ליגט
ווי אַ צעטראָטענע שמאַטע
צו די פּיס פון בראָדוויי,
ביז די ווייטסטע גאָלד-אָנגעפּילטע שטיבער
פון ריווערסייד דרייוו
וועלן באַלד אויסכריפּען:
אַ ניי-יאָר איז דאָ, אַ ניי-יאָר איז דאָ!
און כליאָבען וועלן אין אָטאָמאַט מיילער צעקרימטע
זופּ אַזאַ, וואָס מען האָט פאַר אַ בלייענעם ניקל אויסגעשפּיגן,
און טירן פון קלויסטערס וועלן זיך ברייט עפענען
ווייל פאַבריקן זיינען היינט פאַרמאַכט,
און ווערטער וועלן ווי בליי אַף די קעפּ זיך אָנקלאַפּן
פון טריביונעס הויכע, אַף וועלכע מענטשן

מיט פּישיקע פּענימער
מיט אָנגעשטאָפּטע בייכער
וועלן אונדזער זינד ווי אַ נעווייִלע וואַרפן אין פּאָנעם,
ווייל געזינדיקט האָבן מיר
דאָ אין דער „גלאָריאָוס קאָנטרי“.

2

און גרויסמוטיק איז די שטאָט
הײַנט אין דער הייליקער נאַכט,
האָט זי בלאָטע אַ שטיקל אַרויסגעסקראָבעט
און אין אַ גאַס ווינקל פאַרשאַרט,
איז טאַנצן זאָל מען אין נײַעם יאָר אַרײַן,
איבער די איינגע גאַסן
אין וועלכע מען לאָזט אונדז
אַזוי גרויסמוטיק וואוינען.
ווייל מאָרגן וועלן ווייטער פאַבריקפייפלען אָנזאָגן
אַז די טירן האָבן זיי ווידער געעפנט!
ווייל ניט זאַט זײַנען נאָך בייכער
פון גאָלד אָנגעשטאָפּט,
און בראָדוויי האָט נאָך מיט וואָל סטריט
דעם טאַנץ ניט דערענדיקט.

3

בראָדוויי האָט אויף איר עלעקטרישן בויך
ביימער אָנגעצונדענע צעשטעלט
און אירע געשוואָלענע בריסט

מיט ברייטקייט נאַקעטע אונדז אַרויסגעשטופּט,
מיט צילענדער היט זיך באַפּוצט דעם קאָפּ
וואָס איז ווי פון מייז צעגריזשעט,
און אַף די ציגלנע זייטן אירע
וואָס איז פון זנוס אָנגעזופּט
האָט מען שילדן מיט לעמפּלאַך צעהאַנגען,
פרייט זיך — דער זון פון גאָט
האָט מיט אונדז שוטוועס געשלאָסן.

4

ניי יאָר איז דאָ, ניי יאָר איז דאָ!
מיט פּויק און טרובע איבער גאַסן
מיט פרייד ווי פענכערס אָנגעבלאָזן,
פּענימער אין מאַסקעס איינגעדעקט,
פּערצנטע גאַס וועט די זעלבע בלייבן,
און מייק, וואָס האָט „מונשיין" געטרונקען
און מיט הייזעריקייט געכאָרכלט
„עי העפּי ניו יעיר", „עי העפּי ניו יעיר"
וועט זיין קערפּער, וואָס טראָגט קליידער צעריסענע
ווי אַרויסגעוואָרפענע שמאַטעס
אין ערגעצן, אין אַ רינשטאָק אויסציען,
און קיידי, וואָס ברענט מיט די אויגן
אַלע ראַגן פון די גאַסן אויס,
וועט וואַרטן ביז די ווייזערס וועלן פּונקט
צום צוועלף צופּאַזשען —
עפּשער אַ קונד קריגן צום נייעם יאָר.

# עכאָם

1

געווען איז דאָס נאָך, איידער
די לאַנד האָט זיך צעקושט מיטן שטאָלץ,
אַז דאָס איז די היים פון די בראַווע,
און דער גוף פון דער פרייהייט סטאַטוע
איז נאָך געלעגן אַ איינגעמויערטער
אין די געדערים פון דער ווזיער ערד,
און אין פּאָנעם האָט מען נאָך ניט
קיין געבענטשטן געגאַד געוואָרפן,
וואָס מיר קריגן די פרייע געלעגנהייט
די הייליקייט פון דער ערד אָנצורירן!
דאַמאָלסט, ווען דער האָדסאָן
פלעגט נאָך אַ רואיקער זיך פאַרוויגן
אין די פריידיקע געזאַנגען
פון די רויטע אינדיאַנער־זין,
און די פינפטע עוועניו
איז געווען נאָך אַ שפּאַציר פּלאַץ
פאַר כאַזיירים,
האָבן זין פון דער רויער ערד אויסגעוואָקסענע
מיט שטאָלצן גלויבן אופגעשמידט
מיט אָנגעזאַמלטן קויאַך באַפּויסט

אַ אָנגעצונדענעם האַס אויסגעשפּיגן,
און פון מענטש צו מענטש
פון מאַכנע צו מאַכנע,
האָט אַן אופגעברויזטער גלויבן זיך געטראָגן
און אין די בלוטן זיך צעוואָקסן;
גיט אונדז פרייהייט, אָדער גיט אונדז טויט!

2

געוועזן איז דאָס נאָך איידער
די לאַנד איז אַ געבונדענע
אונטער די טריט פון וואָל סטריט געלעגן,
און די שטאָט וואַשינגטאָן
האָט נאָך אַ פאַרשלאָפענע פון איר גדולע
ניט געכאָלעמט!
דאַמאָלסט, ווען מען האָט נאָך גראָב-בייכיק
ניט געפּויקט,
איבער דער גרויסער מעגלאַכקייט
וואָס מען האָט אין אייזערנע פייגן צעשטעלט.
און כוצפּעדיקער געלעכטער
איז נאָך איבער יעדן ווינקל
ניט געוועזן אויסגעשפּרייט,
און די ערד, אַ צעפרישטע,
האָט אַף זודיקן קויאַך געוואַרט!
דאַמאָלסט האָט זיך אַ אופגעשוימטער צאָרן צעשאַרפט,
און גופים האָבן אין גרייטקייט

זיך איינגעשפּאַנט,
און אופגעשמאָלצענער ווילן
האָט אַ איינגעשפּאַרטער זיך פאַרקניפּט,
פון האָדסאָן ביז דער מיסיסיפּי,
האָט זיך אַ אויסגעשניטענער רוף געשפּרייט:
די וועלט איז אונדזער לאַנד,
פאַרברידערונג איז אונדזער גלויבן!

3

אופגעיאָגט האָט זיך די לאַנד
אין שטאָליקער פאַרוועבונג,
און מיט יאַמען זיך אָפּגעטיילט,
און מיט שפּיזן זיך באַפּאַנצערט,
גראָב און בייכיק זיך צעשפּרייט
אַף הויקערדיקע גאָלד-בערג;
איז שוין די בלוט
פון די באָסטאָנער גאַסן אָפּגעוואַשן,
און דער גלאָק, וואָס האָט צעשאַרפטן גלויבן אופגעברענט
הייננט אַ צעבראָכענער אין אופגעוואָרפענעם שטויב
איינגעזונקען.
איז ווער דערמאָנט אָט די,
וואָס האָבן מיט צעלויכטענעם האַס
דעם גיפטיקן סוינע באַגעגנט?
און ווער דערמאָנט אָט די,
וואָס האָבן מיט צעריסענע גלידער

און צעשטראַלטן מוט
אַ נייע לאַנד אויסגעזונגען?
אין צעקרימונג קלאַפּט מען אויס
אַ צעפּוילטן שטאָלץ.
מיט איבערגעשפּאַרטער זעטיקייט פֿאַרשמאַלצט,
ליגט דער ווילן אַ צעטראָטענער,
הייגנגט דער גלויבן אַ באַשפּיגענער,
אין גאָלד צעפּרעסן איז דער מוט,
שפּיזן אָנגעגרייטע וויגן זיך אונטער יעדן ריר.
יאָגט אַ טעמפּקייט זיך אָף קעפּ
פֿון שטעכיקע מיילער פֿאַרסליניעט,
ראַנגלט זיך אַ פֿאַרפּייניקטער געשריי:
גיט אונדז פֿרייהייט, אָדער גיט אונדז טויט!

# ניט איצטער

ווער קען דען איצטער אויסצירן זיינע לידער?
ווער קען דען איצטער געזאַנג זיי אָנרופן?
אַז אויסגעריסענער ווײַ
כאָרכלט אַ אויסגעפּלאַצטער זיין לעצטן אָטעם,
און איבער די קעפּ טראַמפּלט אַרוּף
דער אַריינגעשפּאַרטער געשריי
פון אופגעשוואָלענע בלוט
וואָס ליגן צעשטיקערטע
טריט בלייאיקע אָפּצוואוואַשן:
און פון יעדן ווינקל רעוועט אַרוים
פּויסטן פּאַרשפּיצטע,
און פון יעדן פענצטער שאַרפּן זיך אַדורך
מיט אופגעלאָפּענע צײַן מײַלער פּאַרשווימטע,
די שאָ פון אָנקומענדער צעשטערונג
האָט זיך ביינערדיק אַריינגעגליטשט
מיט פינגער צעשטאָכענע צעשפּרייט
אַף אויסגעשטיינערטע וועגן,
אַף אופגעלאָפּענע מויערן.
איז ווער קען דאָס זיין אָטעם דערשלינגען?
און ווער קען דאָס זיין געשריי פּאַרשטומען?
ניט אין געצאַמטקייט קען מען זיך שימלען,
ניט אין רואיקייט קען מען דעם שטערן קנײטשן,

נאָר מיט אייזערנער צעבייזערונג,
מיט שניידנדיקע הענט,
מיט באַפּאַנצערטן מוט,
אין די שטאָליקע הערצער באַפּורעמט;
דאַרף מען ווילדן קויאָך צעיאָגן
דעם אָנגעטראָגענעם אָנקום צו באַגעגענען!

2

ווי אַזוי קען מען עס איצטער ווערטער פּוצן?
און ווער האָט עס צייט אין אופגעבלאָזענע קאַלירן
זיך שפּילן?
דער אייגענער צאַר איז שוין אַ צעטראָטענער צעריבן,
ווייל ניט עלנד איז דער גלויבן,
שפּאַלט זיך אַדורך אַ נייער טאָג:
מיט זוניקער האָפנונג צעשפּילט,
איז ניט אין איינגע פּיר ווינקלען
קען מען פאַרשרייבן דעם שיטערן ווי
וואָס צערינט זיך אין מוטנע קאַנאַוועס,
און ניט פאַרבאַלטן קען מען איצטער
דעם אָנגעקליבענעם צאָרן,
וואָס האָט זיך אַ פאַרשאַרפטער צעעפנט,
ווייל געגרייטע שפּאַרן זיך שוין
אָט די, וואָס בלוטיקן זייער צאַר,
און מאַכנעם מיט אופגעבליטן קויאָך
וואַרטן מיט האַק און רידל,

אַז פון די צעראַיעטע כורוועס
זאָל דער סיגנאַל פאַר אופבוי
געגעבן ווערן.

3

ס׳קומט שוין די לאַנג דערוואַרטעטע שאָ,
ווען ווערטער וועלן אין זייער אייגענער פאַרמאַטערונג
אויסגיין.
ס׳קלאַפּט שוין אוים דער רוף,
ווען געשריי וועט מוזן בלוט צעצינדן
און אין אופגעפייערטע מאַכנעם
וועט נאָר צעשאַפטער פאָך
צום ניצאָכן דערפירן;
ווייל וואָס קענען ווערטער אופרייצן?
ווען פון כוישאַך גריבער
און איינגעמויערטע פאַרצאַמונג,
ברעכט זיך אַדורך פאַרבלוטיקטער צאָרן,
און וואָס קען דאָ פאַרזיסטע רייד העלפן
ווען צוזאַמענגעגאָסענער ווילן
קייקלט צעווייטאָקטן געשריי
דעם אָפּגעראַמטן וועג פאַר זיך אויסשניידן?
ווייל ניט איצטער איז די צייט
די הענט אָנגעבלייטע פאַרבינדן,
און ניט איצטער איז די צייט
דעם גלעזערנעם בראָך באַוויינען.

נאָר צוזאַמענקנוילן דאַרף מען
דעם אייגענעם געשריי,
און אַ צעמונטערטן אים צעוויגן,
ביז דער אופגעפייערטער טאָג
וועט זיין טאַנץ אין קאַראַהאָד אויסדרייען!



# אַט דאָס קומען מיר שוין אָן

ניט פאַרשלאָפן האָבן מיר דעם אָנזאָג
פון אַנ׳אַנדער צייט;
אופגעלויכטן שפּרייט זיך דער אָנקום
גלייך צו אונדז!
און פאַרצייכנט האָבן זיך מיט איינגעשאַרפטן קרייט
אַלע וועגן פאַר אונדזערע טריט!
כאָטש מיר טראָגן אַלע די זעלבע לאַסט פון געדולד
און מיר שפּאַרן אונדזער צאַר אין איינגע ווענט אַריין:
כאָוועז מיר שוין אוים אַזעלכע אייזערנע פּויסטן
וואָס וואַרטן שוין געגרייטע פאַרן צעשניטענעם רוף.

איז פרייד אין אונדזער טראַט
און יונג איז אונדזער גאַנג.
צעוויקלט זיך אַ זוניקער געמיט
מיט צעטאַנצטן טאָג אין אונדזער פאַנג,
כאַרכלען מיר שוין ניט מער אַ צעזעגטן געזאַנג.
ווייל ניט עלנד איז דער גלויבן.
איז פון אַלע ווינקלען קומען מיר שוין אָן
מיט צעפרישטן געזאַנג, מיט צעלויכטענער פאָן.

## ווען דאָס וואָלט געטראָפֿן

די פרימאָרגנס אַלע גראַ
אפילע ווען די זון איז דאַ.
לויף איך שטענדיק אין דער באַשטימטער שאַ
אין פאַבריק אַריין
און קלער שטענדיק דאָס זעלבע:
עפשער וועט דאַרטן אַ איבערקערעניש זיין —
די מאַשינען וועלן זיין צעבראָכן?
אָדער גאָר די פאַבריק פאַרברענט?
אַי, וואָלט דאָס געווען גוט,
ווען איך גיי פאַרביי און טרעף נאָר שטיין
די אָפּגעברענטע פיר ווענט.
איך וואָלט זיך אַפילע ניט אָפּגעשטעלט
צו באַטראַכטן זיי!
נאָר איך וואָלט מיט אַ טאַנצנדיק געשריי
איבער די גאַסן געלאָפן
אַזוי ווי אַ פריידיקער הונט
ווען ער קריגט אַ ביין
וואָס ער האָט לעבן אַ יאַטקע געטראָפֿן.

## נאָר איצטער

איצטער נאָר האָב איך אַ צאָם
וואָס איך קען ניט איבערשפּרינגען,
ווייל מיינע קויכעס זיינען צו שוואַך פאַר דעם ;
אָבער באַלד וועט איר זען
אַז איך וועל אָנצינדן אַ גרויסן פייער
און וועל ניט ווי אַ פלאַם זיי גלעטן,
נאָר איינשלינגען זיי
ווי אַ העלפאַנט אַ שטרוי.
און ניט זשאַלעווען וועל איך אַפילע
מיין אייגענעם שטאָם
פון וועלכן איך קום אַרויס !
ווייל דורך דוירעס געצאַמטקייט
וועל איך איצטער אויסברעכן מיין צאָרן,
און וועל מיט מיין האַס דורכן פלאַם אָנשטעקן
אַ וועלט פון געצאַמטע.
פון ווינקלען וועל איך מאַכנעס צונויפקלייבן
און אַ פייער פאַר זייער וועג אויסשפּרייטן
און איך וועל פון אָנגעוואָרפענעם גלידער באַרג
אַרונטערשרייען :
העי, העי, איר צונויפגעקנוילטע שמאַטעס !
רוקט זיך אַרויס פון די ווינקלען
ווייל אין מיזראַך איז שוין די זון אויפגעגאַנגען !

# אַפּן וועג

פאַרקייכט אַזעלכע אָפּגעבריטע טעג
מיט מאַטערניש פאַרגלאָצט:
טראָג איך די הויקערדיקע געדולד
ווי קעמלען זייער דורשט אין מידבאַרדיקע וועגן!
איז אַמאָל, ווען די צוגעטשעפּעטע לאַסט
רייסט אַרוּפּ זיך צו די אויגן
מיט געזאַלצענעם געשריי,
צעקאָסעט זיך אַ סערפּענדיקער פייער
אין קעפּ אַריינגעוואַקסענע
אין באַגלאָזטן שניי.
קריצט זיך איין דער טעמפּ פון צעבייזטע זעגן
אין די גֶעדערים פון פאַרפוילטן מאַסט,
איז דאַמאָלט בלייבן שטיקער שויבן שטעקן
אין די הויט פון כוילעוונעם טאָג.
איז דעראָרן ווילט זיך נאָך
דעם אופגיין פון דעם מאָרגן,
און ניט פאַרשלאָפן ווילט זיך
דעם טאַנץ פון פלאַם.
מען מוז דאָך נאָך דערטראָגן
אַף אופגעפייערטע שפּאָרן, —
די צעבלוטיקטע שליכעס

דעם אַנגעזאַמלטן שטאַם:
אין צעגלאַנצטן וועג
וועלן זיך טראָגן גלעקער
צו גופים אין שטאָל איינגעשפּאַנט
און דער אופגעוועקטער וועקער
וועט ברייננגען דעם זיג
דורך דער ביינערדיקער וואַנט.
ווילט זיך שוין מער ניט שלעפּן
ווי הימלען, די שטענדיקע לאַסט פון שטערן
אין די ביינער איינגעקלעפּט.
זאָלן זיך נאָר די מאַכנעס פאַרמערן
מיט נייעם גלויבן איינגעוועבט!
דאַמאָלסט וועט מען אַף געפּאַרבטע פערד זיך טראָגן
צו די גרעניצן פון פרייד.
און צעפּראַלטער אופקום וועט זיך צעטאָגן
מיט צעפּאַכטן רויטן קלייד.
וועט דאַך דאַמאָלסט דער אַנגעזאַפּטער טרויער
אין פאַרשעמטקייט זיך צערינען,
און די טעג צעקוועטשטע פון דעם גרויען מויער
וועלן אין די גאַסן ליכטיקן פרייד צעשפּינען.
און אַז דער אַנזאָג וועט אַף וועגן זיך צעשטרעקן
מיט פאַרשאַרפטן רוף אין יעדנס גליד:
דאַמאָלסט וועט אַ נייע הויט
די אָפּגעבריטע טעג באַדעקן
מיט אופגעלויכטענעם טאַנץ אין יעדנס ליד.

# אופגאַנג

(קעמפּ „ניטגעדייגעט“)

1

האָט זיך אַ פרייד פון צאַם אַרויסגעריסן:
אונדזער שווערן טרויער האָבן מיר
ווי ברודיקע וועש אַף די מויערן פון שטאָט
געלאָזט הייגען;
די מאַשינען האָבן מיר ווי שפּילצייג
אין די ווינקלען געלאָזט שטיין;
מיט ברייטער פרייד;
ווי דער צעוויקלטער געלעכטער פון ניגער
זיינען מיר געקומען אין „ניטגעדייגעט“
אונדזער שטאָלענעם געזאַנג אויסזינגען:
און איבער די שטיינערדיקע בערג
שמידט זיך אויס אונדזער אייזערנער קויאַך,
פאַר אונדז, מיט די צעמאַזאָליעטע הענט,
האָבן די בערג זייערע קעפּ איינגעבויגן
אונדזערע טריט מיט געזאַנג זאָל גרינגער זיין:
צעציט זיך דער האָדסאָן מיט אונדזער פרייד
ווי גומע אויסגעצויגענע.

און אַט אַז מיר ווילן,
קענען מיר אים ווי אַ זײַדענע טוך
אַרום די קערפּערס אַרומוויקלען
און טאַנצן דעם זיבן שלייער טאַנץ.

2

און טאַקע מיר האָבן געזען, שטייענדיק אַפן באַרג ביקאַן,
ווי די זון איז איבער אונדז אופגעגאַנגען.
אַ פּול-בלוטיקע, ווי מיר אַליין,
מיט אַ קאָפּ אַ געהייבענעם — אַ זיכערן —
אַט טאַקע ווי מיר אַליין!
פון מיזראַך אַ אופגעגאַנגענע,
אַ, יאַ, פון מיזראַך!
און טאַקע מיר האָבן געהערט, ווי דער האָדסאָן
די שוועסטער פון אונדזער וואָלגאַ.
האָט געענטווערט אונדזערן אַ זון
פון דער ווילדער וועסט,
מיט מוסקלען אייזערנע, ווי די שאַרפע האַק!
אַ הויכן, ווי די ביימער וואָס ער האָט אויסגעהאַקט,
דאָרטן, אין די ווילדע וועלדער פון דער וועסט,
אַ זון אַ אונדזעריקן, אַ „לאָמבער דזשעק".
און איבער זיין גרויען קאָפּ
האָט דער האָדסאָן געענטווערט:
די רע-וואַ-לו-שאָן איז קאַ-מינג!
די רע-וואַ-לו-שאָן איז קאַ-מינג!

3

וואַרטן פֿאַבריקן מיט שטאָלענע מײַלער אַף דיר.
שטעקט דיר די גרויסע שטאָט
איר אײַזערנעם צונג אַרויס,
מיט זוינע־שמייכל, פֿון די דעכער אַראָפּ.
קנוילן מיר שטאַרקער אונדזער געזאַנג אין די בערג
טאַנצן מיר ווילדער מיט אײַזערנער געוואורע,
שפּרייטן מיר ברייטער אוים אונדזער פֿרייד
אַף די פֿעלדערדיקע וועגן פֿון „ניטגעדייגעט".
וויגט דער האָדסאָן איבער אונדזערע קעפּ:
די רע־וואָ־לו־שאָן איז קאָ־מינג!
די רע־וואָ־לו־שאָן איז קאָ־מינג!

# נאַך אַ האַלבע נאַכט

## פּאָעמע

מיט ליבע שאַכנע עפּשטיינען

### באַם גרענעץ

ס'האָט דאָך שוין די אופגעשטיקטקייט
פון לאַנג אַף העלדזער זיך פאַרוואָרפן.
ס'קען דאָך שוין דער קאָל זיין פאָנעם ניט דערקענען.
ווייל אָפּגעריבן איז שוין פון פאַרכאַלעמטע שאָען
דער גלויבן
וואָס האָט זיך אַ איבערגעריסענער אַף רעלסן צעלייגט,
צעלאָזט מען כאַלוימעס אזעלכע
איבער פאַרקאָנעס זיך ווארפן,
צו פעלדער אַנטלאָפענע
לעם באַוואַקסענע בערג:
אָט דאַרטן וואָלט מען ערשט קענען
פון די צעשווייסטע לייבער,
אייזערנעם קויאָך אָנזאַמלען
ווי צעגאָסענער פייער
אונטער גאַלאָפּירנדן ווינט,
ווייל דאָ האָט די ערד
וואָס האָט מיט צעמענט זיך פאַרגאָסן,

אויסגעטראָגן פון איר טראַכט
אַזאַ צעיאָגטן פויסט,
וואָס שפּרינגט אַ פאַרשוימטער
איבער אַלע גרענעצן,
וואו דער צעוואונדעטער טאָג
וואַשט זיין בלוט

### פון קנויל אַרוים

דאַרף מען דאָך עפּעס טאָן די טעג צו דערכאַפּן.
מען קען דאָך אַ יאָגטעוו מיט די פּיס ניט צעטרעטן,
ווייל אַט וועט שוין אויסלאָז אַ פאַרשנאָבלטער אָנקלאַפּן,
און די צעווייקטע שאָען
פון צעקנאָטענעם טאָג,
ס'מוזן זיך דאָך ניט שטענדיק מאַשינענדיקע גופים
אָף רוקנס פון מענטשלאַכע צעטראָטנקייט פּאַשען!
מ'קען דאָך ניט שטענדיק די ווענט פון פאַבריקן
מיט אייגענער לייב שטאָפּן:
ס'וואַרטן דאָך אינערגעץ פאַרביינקטע בלוטן
וואָס ווילן אַז הענט זאָלן אויך איבער זיי גלעטן
דעם כּאַלעם זייערן, דעם באַרוטן
וואָס זיי האָבן פאַר די פעלדער אָפּגעריסן.

### אין האַלבע נאַכט

די זון רוט אוים איר אָנגעמאַטערטן גוף
באַ די האַריקע ברעגן פון יאַם.

הײנגט האַלבע נאַכט אַרונטער
מיטן קאָפּ אַראָפּ,
טאַנצט אויף אַ װעג אַ ברײטער
באַם סאָף פון הימל,
און אין אײנגעקלאַמערטן ראַם
פאַרקניפּט זיך אין צעבלאָזענעם צונטער
דער צעװאָרפענער רוף
פון צעפּלאַצטע בערג־קעפּ:
רוקן זיך אַרױס פון דראַטענע נאַרעם
זײדעס אַזעלכע, װאָס זײנען שױן לאַנג ניט געװען
פעסט באַזעצט אַף צעפּלעקטע פערדישע רוקנס,
מיט פּיס, װי צעטריקנטע צװײגלאַך, אַרונטערגעלאָזט.

ס'איז האַלבע נאַכט.
דאָרטן, באַם סאָף פון הימל,
װאו אופגעקאָכטער שוים
רײסט זיך פון װאַקסענע אויגן אַרױס,
בלאָזן די בערד אַ צעבראָכענעם כאָרכל
פון דער פאַרמאַטערטער ערד אַרױס,
און די זײדעס לאַכן אַ פאַרשפּיצטן געלעכטער
אין צעשניטענעם פּאָנעם פון דער נאַכט;
דאַמאָלסט האָט דער אײנגעגראָבענער װעכטער,
צעפּאַטשט אַ שטעכיקײט
פון דוירעס פאַרשאַרפּט,
אַף די פּלאַטשיקע קעפּ
פון דעם מאָכענעם געלעכטער

וואָס די ייִדעס מאַטערן אוים!
דאָרטן, וואו דער הימל פאַרענדיקט זיין סאָף.

ס׳איז האַלבע נאַכט. נאָך איצט
צעהאַנגען אַף טרוקענער ערד,
וואַרטן באַ אַלע זייטן
אופגעריייצטע בלוטן
אין טראַנטעס איינגעוויקלט,
מיט צעעפנטע גלאַנציקע ציין, —
וואַרטן זיי צעפלאַמטע
אַף די אָנגעוואָרפענע הורבעס געוויין.
און ניט קילן קענען זיי
די אָנגעפרעסטע נעקאָמע,
וואָס צערויכערט זיך
איבער די גרעניצן,
וואו דער הימל ענדיקט זיין סאָף.

ייִדעס, ייִדעס, וואָס זיינען שוין לאַנג ניט געווען,
מיט בערד פאַרקניפטע צו דער ערד, —
לאָמיר זיך נעמען באַ די הענט
מיט האַלבע נאַכט און מיטן קאַרעהאָד,
מיט צעוואָרפענע פיס איבער די קעפ.
ס׳ליגט נאָך אופשיין אין נאָרע פאַררוקט,
איז פאַרשפּיזט דעם געלעכטער
איבער די נאַכטיקע ווענט.

מען וועט דאָך קענען צעלעכערן
דעם אַנשלעפּעדיקן טאָג.
און זאָל נעקאָמע אויספּייקלען
דעם מאַרש
אַפן ווינט פון אונדזער טאַנץ,
וועלן מיר צעשפּרייטן אונדזער ראָד
ביז איבער די גרענעצן פון פּאַלאַצן,
מיט געמיטער ניט געבויגן,
איינגעפלאָכטן אַף די אַקסלען:
אַט, ס׳רוישט שוין אָן!
אַט, ס׳רוישט שוין אָן!
אַף די רוקנס פון צעיאָגטע פערד
די לאַנג פאַרבאַלטענע שאַ
פון פאַרענדיקטער אָפּרעכענונג.

איז גיכער, גיכער צעשפּרייט דעם ראָד,
די זון האָט שוין צעעפנט די אויגן.

## די פּראָצעסיע

פון בערג אַראָפּ, אָפּגעריסן
ווי הינט פון פאַרזשאַווערטע קייטן
אַף רויער ערד אַרונטער,
מיט שטעכיקע שטיינדלאַך אונטערן טראָט.
מען האָט נאָכט דעם פּאָנעם
שוין צעשטאָכן
פון אויפגעריסענע שטורקאַצן.

ס׳ליגט די פינסטערניש דערוואַרגן
מיט טויזנטער טריט אין מויל.

נו, דאָס גייען איצטער
נאָר וואָס באַשאַפענע מאַכנעס
וואָס די אַלע זיידעס האָבן אויסגעבלוטיקט.
טאַנצט אינגאַנצן נאַקעט
דער צוגעזאקטער וועג.
איז ניט פון קלויסטערס די געזאנגען
וואָס באַפּרוכפּערן דאָס פעלד,
און ניט ציילאָמים לייכטן דאָס אויף
איבער די צעוויגטע קעפּ.
דאָס איז געווים ניט דער געזאנג,
וואָס די זיידעס האָבן צעשאָקלט
אונטער אַ ליכטלדיקן שיין.
דאָס קייטלט זיך
אופגעשמאָלצענער גלויבן
אַרום די גופים פון די בערג.
ס׳האָבן היינט די פעלדער
גאָר דערפילט אַ נייעם טראָט
נאָך וועלכן זיי האָבן באַוויינטע
פון לאַנגע דוירעס געכאָלעמט,
ס׳האָבן זיך דיביימער באַזאָפט
גאָר מיט אַ נייעם זאָג
וואָס שפרינגט אַ באַפריידיקטער
איבער אַלעמענס גאַנג.

ס'לויפט די נאַכט דערשראָקן
ביז איר נאָרע נאָכגעיאָגט
פון אַ צוזאַמענגענומענעם געזאַנג,
וואָס דאַרף זיך אָפּשטעלן באַם ראַנד
דעם באַלדיקן טאָג באַגעגענען.

# אונדזער טאָג

(ערשטען מאַי)

אָפּגעווישט דעם צאַר פון זיין.
די טויטע מיט זיך איבערגעלאָזט:
פייערן די אויגן אוף,
ברייטן זיך די אַקסלען אוים,
אונדזער טאָג איז היינט!
פעלדער האָבן זיך צעאַקערט,
קאָרן וועלן באַלד די קעפּ ארויסרוקן,
זאַנגען אָנגעפּאַשעטע
זינגען זעטיקייט פון זיך ארוים.
אופגעגאַנגענע גרינקייט
אַף אַלע וועגן צעוואָרפן
רופט צעבליאונג פון ערגעץ ווייט;
אונדזער טאָג איז היינט.
אויסגעצירט אַלע הייזער
מיט צעפריידיקטער האָפנונג אַף די ווענט,
אַף די גאַסן היינט!
מיט דער זון אין טאַנץ זיך דרייען,
אונדזער קויאַך איז אָנגעזאַמלט
אונדזער ווילן צענויפגעשמידט;

טריט מיט פעסטער זיכערקייט אויסגעהאַמערט,
אונדזער וועג איז שוין באַשטימט!
אויסגעקלאַגט איז שוין דער קלאַג,
שוין פאַרפייניקט איז דער צאַר.

פאַבריקן האָבן מיט לוידיקייט זיך פאַרשעמט.
שטעלט דער טאָג זיך אויס מיט אונדז אין קאָן.
ווייב און קינדער היינט מיט אונדז
מיט רויטער האָפנונג אויסגעפוצט;
מיט זון צעבליט זיינען די פּענימער,
מיט ניצאָכן צעפּאַכט איז די פאָן.
אַלע, אַלע מיט צעפראַלטן געזאַנג
צו דעם גרענעץ פון אונדזער פרייד.
מיט צעשויבערטן ברום,
מיט צעדרייטער ווילדקייט!
העי, העי, היינט איז אונדזער טאָג!

מעגן פאַבריקן זיך ווייטער עפענען,
מעגן מאַשינען זיך אופבייזערן,
טראָגט אין געהייבנקייט זיך דער קאָפּ;
איבער מויערן, איבער הימלען.
יאַנטעוו, קויאַך־יאַנטעוו איבעראַל,
צערים איז די לאַסט.
אייזן־וואָגיק אונדזער וואָרט.
אַלץ איז אונדזערס, אַלץ!
קומט אַהער איר מענטשן ווענט,

קנוילט אין איינעם זיך אויף.
נישט דו בינסט דו,
נישט איך בין איך!
אונדזער קויאך איז די פויק;
אונדזער האָפנונג — די מוזיק.

קינדער זיינען מיר.
קינדער, וואָס האָבן פרייד
מיט טאָג צוזאַמענגעקנאַטן,
אונדזער מאַכט, אונדזער וועלט!
יאַמען האָבן אין שרעק זיך אופגעצויגן,
די קעפּ אין די בריסט פאַרבאַלטן,
וואָל סטריט האָט אין בייזער
זיך אַליין דערוואָרגן.
די וואוילוואָירט האָט אין ציטער
ביז דער ערד זיך איינגעבויגן!
אָט פון דאָרטן — אָט פון דאָרטן
שפּרינגט שוין אַרוים דער ברייטער מאָרגן.
פון נעקאָמע אויסגעוואשן,
פון דעם נעכטן אָפּגעטרייסלט;
זיכער-זיכער אויסגעפורעמט,
ווי מיר אַליין פון אַרבעט אויסגעשניטן,
אַהער — אַהער. ניט אין געדראַנג!
ברידער אייגענע זיינען מיר!
איז צעשפּרייט די הענט,

איז צעפּאַכט דעם זאָג,
אונדזער גלויבן אין יעדנס האַרץ,
אונדזערע פאָנען פון ברענענדע שטערן צעווייט !
אָ, אָ, היינט איז אונדזער טאָג !

## זונטיק

1

איבערגעלאָזן הינטער זיך
אַזעלכע שפּיציקע טעג
אין גראָקייט אויסגעצויגן,
יעדן פרימאָרגן וואָס די אויגן האָבן דערזען
האָט אָנטקעגן געטאַנצט
מיט באַפּאַרבטער האָפענונג:
ס'איז נאָענט דער זונטיק!
אויסגעכאָלעמטער טאָג מײַנער,
דורך פאַבריק ווענט אַרויסגעשפּאַרטער, —
ווען מען וואָלט געקענט מיט בײַטשן
איבער די רוקנס פון טעג אײַנשנײַדן
זיי זאָלן מיט שווייסיקן אימפּעט
די אײַנגעגעסענע שאָען יאָגן,
אַז דער צוגעזאָקטער טאָג
זאָל אין די אויסגעשפּרייטע אָרעמס אַרײַנטאַנצן
מיט צעפּראַלטן פרייד
אין זײַן צעשויבערטן געשריי.

2

אויסגעפּוצט האָט מען
יעדע געשוואָלענע מינוט

פון דעם זונטיק טאָג,
ווי אַ גרויסן יאָנטעוו
וואָס אַ פֿאָלק פּייערט
פון אַ פֿאַרבלוטיקטן נעכטן!
מיט פֿאָנען פון אָפּרו,
מיט זיגערשן טאַנץ
אַף דער אויסגעשפּרייטער פֿרייהייט אָנגעהאַנגען,
היינט איז מיין טאָג!
מיין אייגענער אויסגעוווּיטאָקטער טאָג!
קען איך מיט אים טאָן וואָס איך וויל.
צערייבן אים אַף זאַמדן נישטיקע
און אין פֿאָנעם פון ווינט אַריינוואַרפֿן.
אָדער אַ פֿייערדיקן ראָד אויסבויגן
און טאַנצן ווי אַ ניגער
ביז דער אָטעם וועט אַ הילצערנער זיך אויסציען.

3

אויסגעגלעט מיט אַלע צערטלאַכקייטן
דעם שטייפֿן גוף פון טאָג,
איז מיט וועלכער שאָ קען מען פֿריער
די פֿרייד אָנזעטיקן?
און ווי אַזוי קען מען דעם געלאַף פון טאָג איינצאַמען?
אַז אין דרויסן האָט זיך דער טאָג
אַ באַפּוצטער צעלייגט
און שמייסט מיט זוניקער שטעכיקייט יעדן טראָט.

איז וואָס זאָל מען טאָן?
אין אַ שיינק אים איינשפּאַרן
און וואַרטן ביז ער וועט אַ צעגאָסענער אויסרינען?

4

צעפּאָכן איבער גאַסן וויל איך זיך
ווי צעיאָגטע פערד;
און זאָל דער טאָג אַטעמלאָז
מיר נאָכלויפן, ווי איך, ווען איך האָב
מיין אויסגעפּייניקטע האָפנונג אַ ציטערדיקע
באַ דער שאָ פון זיין קומען אַוועקגעשטעלט.
און זאָל די פרייד, מיט פויקנדיקן געשריי
מיר אַנטקעגן טאַנצן,
ווי איך האָב אַנטקעגנגעטאַנצט דעם טאָג
מיט צעעפנטע האָפנונגען!
מיט די נעגל וואָלט איך געוואָלט
אין לייב פון טאָג זיך איינשניידן
און אַ געבונדענעם באַם שוועל
פון פאַבריק אַוועקלייגן.

## דזשים

I

אַז פרימאָרגן האָט אין פענצטער אָנגעקלאַפּט,
און דזשים האָט די ליכטיקייט דערזען,
די ליכטיקייט פון זונטיק טאָג,
האָט ער די הענט אויסגעשפּרייט
און די ליכטיקייט אין זיינע הויפנס געוואָלט אַריינ-
קלאַמערן,
איז טאַקע טאָג אַזוי קלאָר?
ווי דער הייזל וואָס ווערט יעדן אין דערפרי
אַרונטערגעפירט אין קוילן גרוב
צו שלעפּן די וועגלאַך קוילן
וואָס דזשים פילט מיטן רידל אָן.
אַזוי פלעגט ער זיך, נאָך איידער די נאכט האָט זיך
אָוועקגעקייקלט,
אַוועקשלעפּן פון ווייב און קינדער
מיט רידל און האַק אַף די אַקסלען:
און אַז טאָג האָט זיך ווי נאכט געצויגן
און זיין רידל פלעגט שטיל ווערן,
האָט דזשים, עסנדיק דאָס שטיקל ברויט מיט וואורשט,
פון ליכטיקן טאָג געכאַלעמט,
פון טאָג, דאָרטן, איבער אים.

### II

אַז דזשים פלעגט אױף אַ באַרג קױלן זיך אױסציִען
און די אױגן פלעגן זיך װי אין שלאָף פאַרזשמורען,
פלעגט ער װײב און קינדער זען
מיט הענט װי פליגלען צעשפּרײטע,
מיט שנײדנדיקן יאָמער אַרום גרוב,
מיט געבעט צו דער טאָג ליכטיקײט,
און ער מיט פײער אַרום אים
פלעגט ליכטיקײט דערזען.
און בערג אױף בערג מיט קױלן װערן
אָן האַק צעגריזשעט,
און ער, װי אַ הונט אַ פאַרסאַמטער,
װיל מיט די צײן אַ װעג זיך אױסבײסן,
צוריק מיט װײב און קינדער זײן.

### III

אַז דזשים פלעגט זיך זען אױף הענט טראָגן
מיט גלידער װאָס הײנגען צעריסענע אַרונטער
און דער גוף אין זײן בלוט, אין זײן זודיק בלוט פאַרװאַשן;
פלעגט ער זיך צום נאָנטסטן שענק אַװעקלאָזן;
און אַז די גלידער פלעגן װי שטײפע לעדער װערן
און אין קאָפּ האָט מיט האַמערס געקלאַפּט,
פלעגט ער די הענט אין דער לופטן צעפירן
מיט די פױסטן אין מענטשלאַכע לײב זיך אײנגראָבן,

און אַז די ווייב האָט אים דאָס בלוט געוואשן
און די טרערן האָבן די האָר געגלעט,
פלעגט דזשים מיט אַ קלאָלע די קינדער צעשראָקענע
אין די ווינקלען פאַריאָגן.

## IV

אַז טעג האָבן זיך פון שטוב צום קוילן גרוב געצויגן,
האָט דזשים אַ מידקייט אין די גלידער דערפילט.
די שטענדיקע וועג האָט דעם גוף געוואָרגן,
ווייב און קינדער האָבן דאָס לייב געברענט,
האָט ער דאָס לייב געוואָלט מיט די נעגל צעוואונדן,
און שטוב און וועג איבערלאָזן.
און ווייב און קינדער פאַרגעסן,
אין ערגעץ צו אומבאַקאַנטע וועגן זיך אַוועקלאָזן,
אַף פעלדער ברייטע זיין גוף אויסציען
און ווי דער ווילדער וואָלף,
זיין פרייד צו די וועלדער אַרויסוואָיען.

## פיאָנערן

אופגעלויכטענע האָפנונג אונדזערע,
אָנגעאָטעמטע פון אונדזער מוט.
אַף אייערע פלייצעס לאָזן מיר איבער
דעם פאַרשפּיצטן קאַמף צו דערשאַרפן,
באַ אונדז האָבן שוין פאַבריקן
באַלד די גרייטקייט אויסגעזויגן!
וואַרטן מיר שוין טעמפּע, ביז די
אָנגעצויגענע שטעכיקייט וועט זיך אַף אונדז אַראָפּגליטשן.
ברייינגען מיר צו אייך, אַ נאָך ניט דערגאַנגענע פרייד!
איר זייט עס די, וואָס צעיאָגן איצטער
איבער געבויגענע קעפּ די גרייטקייט;
איר זייט עס די, וואָס קענען שוין אויסגעגלייכטע
דעם ברייטן רוף צעוויקלען:
„שטייט אוף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן!“
האָפנונג אונדזערע פאַר שפּעטערדיקע דוירעס,
אויסגעוואַשענע פון צעפּרעסענע סינע,
באַ אייך איז שוין דער וועג אַ אָנגעצייכנטער,
אויסגעשיילט איז שוין דער גאַנג,
און אַף פאַרצאַמטע ווענט
האָט איר שוין פון אונדזער בלוט אויסגעברענט:
ווער איז ווער!

ניט קיין צווייפל קען זיך נאָך אייך ברודיק נאָכשלעפּן.
ניט געוואקלט איז דער גלויבן,
נאָר באַזיכערטע באַלויכט איר אונדזער לעצטן קאַמף.
„מיר זיינען שטענדיק גרייט !"
מעגן זיך נאָך פּראָצעסיעס מיט ציילאָמים
אַף קינדערשע געבויגנקייט שלעפּן.
מעג זיך נאָך אין ערגעצן פּייעס און ציצעס פאַרגעלטע
אַף צעקנייטשטע געמיטער וואַלגערן :
איר אָבער האָט שוין דעם „אינטערנאַציאָנאַל"
אַ פולגלויביקן אויסגעזונגען,
און זאָלן נאָר די טריט אין ניט-אויסגעלאָשענע גלידער
וואָס בלאָנדזשען מיט דער פּוסטקייט אַרום,
זייער פאַרפּלאָנטערטן געשריי צעשליידערן,
וועט איר שוין אָנגעגרייטע
זיי ביז אונדזער וועג דערפירן.

## עפנט אוף!

דאָס בין איך, יאָסל, געקומען
בעטן באַ אייך אַביסל פרייד.
איר האָט דאָך דאָס אַזוי פיל.
טו וואָס האַלט איר עס פאַרשלאָסן.
און מיר לאָזט איר נאָר פון אַ שפּאַרונע קוקן
אַף אייערע בויגיק שמעקנדע פרויען
מיט די ווילדע נעכט אין וועלכע איר פאַרברייינגט.
עפנט אוף, זאָג איך אייך!
ווייל אויב מיין בעטן וועט ניט העלפן,
וועל איך אַליין נעמען
און ווי וועט אייך דאַמאָלסט זיין —
איך זאָג אייך!

# איך קום צו אייך

איך קום צו אייך, טעכטער אויסגעזונגענע
די נעכט אייערע פון עלנד אויסלייזן;
די כאַלוימעס פון איינגעשרומפּענער איינגקייט
באַפּריידיקן.
דער אָנגעזאַמלטער קויאַך אין מיין גוף
וואַרט אַ געגרייטער אייך צו בליען:
די שטעכיקע צאַמען אין וועלכע איר זייט איינגעקוועטשט
קום איך צערייסן.
אין מיר איז דאָ די באַפּרוכפּערונג זאָמען
וואָס וועלן באַנעצן די פאַרלאָנג אופגעקאָרטשעטע גלידער
וואָס די דיקע נעכט זויגן אוים אַף אייערע געלעגערס!
ווי אופגעברענטע אייזן איז מיין אָטעם.
וועלטן מענטשן נייע ליגן פאַרבאַלטן אין מיר.
שפּאַרן זיי אָנגעשריענע יעדע מינוט מיינע
וואָס איך וואַרף אין ניוועץ אַרוים.
איך קום איצטער צו אייך מיט אַ געזונטן גוף,
מיטן אופגעזונגענעם לוסט אין די יונגע גלידער.
אַרט מיר ניט צי בלאָנד איז אייער האָר,
צי ווי צעפּאַכטע בייטשן פייערדיק;
מעג אַפילע שוואַרצע הויט אייך באַדעקן,

אויב נאָר אָטעם אָנגעגליטער שאַרפֿט זיך אַרויס,
ווי מעסערס בליציקע, פֿון אייערע לייבער.
ווייל פֿיינט האָב איך די, פֿאַר וועלכע מען דאַרף,
ווי אַ בעטלער, די היטל אַרונטערנעמען,
און אַף די קני, ווי פֿאַר אַ הייליק בילד, אַ פֿאַרשימלט,
זיך בעטן דעם כאָלעם אירן אויספּוצן:
און ווי פֿון אַ פֿאַרשפּרייטע פֿעסט
אַנטלויף איך פֿון די וואָס האָדעווען
אַ גלעזערנעם שמייכל אַף זייערע אויסגעקנאָטענע
פּענימער,
און האַלטן אונטער טויזנטער שלעסער
זייער יונג־פּרוילאַכקייט,
ביז אַ הייליקער וועט די בראָכע זיי געבן.
ווייל נאָנט איז מיר נאָר די,
וואָס ווייסט, אַז ניט נאָר פֿאַר מיר ברייננגט זי פֿרייד
נאָר אַז באַפֿריידיקט ווערן אויך אירע פֿאַרלאַנגען,
און אַז ניט קיין פֿאַרשולדיקטער
זאָל איך דעם פּאָנים באַהאַלטן,
נאָר מיט געהויבענעם שטאָלץ
זאָל איך קענען אָנווייזן
אַז איך האָב פֿאַרזעצנדן לעבן באַשאַפֿן.
ווייל דורך מיר וועט זיך ציען ווייטערדיקע ענערגיע
אין זין און טעכטער, וואָס וועלן העלפֿן
אַ נײַ לעבן אויסשמידן.
איז קום איך צו אײַך, איר טעכטער,
וואָס טראָגן אופֿגעגליטע זוניקייט אין די לייבער,

מיט גלידער בויגיקע,
מיט האַנדלונגען ניט פאַרשלייערטע,
וואָס וועלן מיר ניט צוריקווייזן אָנגעבלאָזענע,
נאָר פריידיקע וועלן זיי וואַרטן
אויף מיין מענלאַכער באַגעגענונג.

# אַ געפּיל אַזאַ

יאָסל ליגט און קלערט,
אַז דער לעבן אונדזערער האָט ניט קיין ווערט
אַפּילע קיין פּרוטע ניט.
איר הערט!
אָט נאָר וואָס, האָב איך ווערטער פון ליבע גערעט
און געקושט יעדן גליד
מיט אַזאַ ברען.
און איצטער ליג איך גלייכגילטיק מיד
אויסגעצויגן אין בעט
און קלער פון דעם,
וואָס איך בין אַזאַ נאַר געווען.

און נאָכאַלעמען —
וועט עס דען ניט נאָכאַמאָל געשען?!

# בערט

1

דער טרויער אין דיינע בלוטן
איז ווי דער גרויסער טרויער
פון דער שוואַרצער בערט,
וואָס וואָיעט ווי אַ הונט
אין אַ מיטן נאַכט צו דער לעוואָנע
און רייסט פון זיך די שוואַרצע הויט —
עפּשער וועט עס ווייס ווערן
ווי באַ דער אויסגעפּוצטער מיידל,
וואָס גייט יעדן פאַרנאַכט אַדורך
מיט אַ שטאָלצן גאַנג
פאַרביי דעם פענצטער
וואו בערט זיצט און רייסט די אויגן
צו דער קלאָרקייט פון טאָג,
און כאָלעמט פון לייבער,
וואָס איז ניט ווי אירע מיט סאַמעט איינגעגעסן.
קלערט בערט, ווי קלאָר מוז עס
דער מיידלס לייב זיין;
עפּשער ווי מעל ווייסע,
מיט וועלכע זי אַליין
האָט ניט איינמאָל איר לייב געוואָלט ווייס מאַכן.

2

?און ווער וועט מיט בערטן אין איין בעט שלאָפֿן
?און ווער וועט בערטן איר סאַמעטענע לייב גלעטן
אַ יונג מיט נאָזלעכער ברייטע,
מיט האָר ווי באַ אַ ווייסער שעפּס
אַף זיין קיילעכדיקן קאָפּ,
וואָס איז האַרט ווי דער צעמענט
אַף וועלכן זי טרעט,
מיט אַ ווילדן געלעכטער,
וואָס ברומט ווי די טרובע
פֿון אַ פֿאַרביילויפֿנדן אויטאָמאָביל,
מיט אַ לייב ווי שוואַרצע לעדער אָנגעצויגענע,
און ווערטער וואָס וועלן זיך דורך די ברייטע ליפּן
:אין איר שוואַרצער לייב אַריינשטעכן
פּונקט ווי אין איר מאַמען,
דער אַלטער ניגערטע,
וואָס בויגט שטיל דעם קאָפּ אַרונטער
און כליפּעט אַרוים אַ פּאָר טרערן
פֿון די רויטע אויגן,
ווען דער אַלטער ניגער בעסטעט
וואָס איז, ווי די מאַמע האָט איר אַ סאָד פֿאַרטרויט,
גאָר איר אייגענער טאַטע ניט,
גראָבט איין די שוואַרצע פויסטן
אין דער אַלטערס אופּגעלאָפּענע לייב
און שלעפּט איר באַ די גרויע האָר,

ווי מען שלעפּט באַם ווײַדל אַרױס אַ קרעציקע קאַץ,
און די שכײנים וואָס קלײבן זיך אונטער די פענצטער אָן
לאַכן מיט די בײַכער ווי פּעסלאַך פּוסטע,
וואָס דער ניגער, דער בעסטעט,
שלאָגט מיט די פּיס אין דער אַלטערס גרויסן בויך
ווי ס׳וואָלט אַ פּויק געווען.

3

כאַלעמט בערט פון גײן וועש פרעמדע וואַשן.
ווי איר מאַמע, וועלכע האָט איר דעם סאָד פאַרטרויט,
אַז פּאַר אַ קראַנץ קרעלן שײנע
וואָס זי האָט געקריגן פון אַ ווײסן מענטשן
ווען זי האָט באַ אים וועש געוואַשן,
איז זי, בערט, איר אײגן בלוט געוואָרן.
וויגט זיך אין בערטן אַ שײנער כאַלעם
פון אַ ווײסן קינד, וואָס זויגט אירע רויטע נאָפּלען
און וואַרעמט איר מיט זײן קלאָרן לײב
ווי דער ווײסער מענטש,
וואָס האָט איר, אַזוי ווי דער מאַמען,
אַ קראַנץ קרעלן געקויפט.

# היינט

היינט, ווען דער זייגער וועט נאָר אָנזאָגן
אַז די נאַכט האָט דעם טאָג דערוואָרגן,
וועל איך קומען צו דיר!
זאָלסט נאָר די גלאָז פון לעמפּל אויסרייניקן,
און אָט דעם טישטוך מיט די רויטע קווייטן
מעגסטו אויך אָפן טישל אויסלייגן,
זאָלסט נאָר זען, אַז דער שטויב זאָל אַף אים
זיך ניט אָנזען.
נאָר אויספּוצן דאַרפסטו זיך ניט
אין יאָנטעוודיקע קליידער.
שמיר נאָר אוים דיין לייב מיט בסאָמים,
פאַרפלעכט זיך צוויי צעפּ
אין וועלכע מאַטבייעס זאָלן זיין אַריינגענומען,
און דיין גוף זאָלסטו אין אַ ווייסן ליילאַך איינוויקלען.
ווי מאָדנע אַנדערש דו וועסט דאָס דאַרפן אויסזען
מיט דיין שוואַרצן פּאָנים הויט
אַרויסגערוקט פון אַ ווייסן ליילאַך.
און דיינע ציין זאָלסטו האַלטן אָנגעצונדענע
מיט זייער ווייסקייט צו מיר,
וועלן מיר זיך דאַמאָלט אַפן ראַנד פון בעט זעצן
און איך וועל דיר שטום אַ ליבע אויסזינגען:

פון לענדער אַוואַ אייביקע בלומען זיינען איינגעוועבט,
און נאַקעטע פיס פון יונגפרויען
לאָזן די ערד איר אומעט ניט צעוואַקסן,
און אַז אונדזער פרייד וועט זיך שוין
אַ אויסגעמאַטערטער אונטער די פיס וואַלגערן.
וועלן מיר זיך דאַמאָלסט קענען צוהערן
צום פאַרביינקטן געזאַנג
וואָס בימבאָ שליידערט אַריין אין דיין פענצטער,
פון דיין היים, דאָרטן אַף די דזשאָרדזשער פעלדער
וואָס האָבן דיין לייב שוואַרצער געמאַכט,
און די ביינער פון דיינע עלטערן אויסגעזויגן.
און דו וועסט מיר דערציילן:
ווי רויטע פאַסן האָבן יעדן לייב באַצירט
וואַשנדיק אין בלוט דאָס שוואַרצע הויט.
און אַז ווייסע אָדערן ציען זיך אין דיין גוף —
אַ מאַטאָנע פון טאַטן
באַ וועלכן דיין מאַמע האָט וועש געוואַשן —
און איך וועל דיר גלעטן דיין אויסגעזונענע לייב,
וועלכע וואָלט זיך עפּשער איצטער געשפּילט
מיט דער זון אין דיין היים דאָרטן אין אַפריקאַ.

## ציגיינערליבע

ציגיינער בלוט מיט ציגיינער בלוט
האָט זיך פאַרצונדן אין דער נאַכטיקייט
אַפן פעלד,
וואו דזשאָזעפינאַ האָט, צווישן די קוסטן,
אין ליבע זיך פאַרשפילט
מיט יאָסלען, דעם ווייסן הונט,
פונקט פאַר דער פאַרדאַמטער סומע
פון צוויי דאלאר...

— — — — — — — — — — — —

אַ צווייִשאַרפיקע סטילעטאָ
האָט זיך אַ שפיגל געטאָן
אין דער העלער שאַרפיקייט פון פעדראָ׳ס אויגן.
דער שניט אַף דער לינקער זייט באַק
האָט זיך אַ שפיגל געטאָן
מיטן שאַרף וואָס האָט זי צעשניטן,
ברוסטפּלאַכע, מענערשע
אַנטקעגן ברוסט-פאַררונדעטע פריוואישע,
האָט זיך האַסטיק אין קאַמף געשטעלט,
און אַ הייב מיט דער האַריקער האַנט
און באַלד וואָלט אַדורכגעלעכערט געוואָרן

דער מאַטבייעס באַהאַנגענער מיטן
פון יאָזעפינאַ׳ס האַרץ,
באַלד אָבער זײַנען צוויי גרינע פּאַפּירלאַך
צעוואַרעמט פון ציגײַנער לײַב
פון בוזעם אַרויסגעצויגן געוואָרן,
או ןפּעדראָ מיט דער צעשניטענער באַק
האָט זיי, ווי אַ הונגעריקער הונט,
אין זײַנע הענט אײַנגעשלונגען.

## יאָזעפינאַ

קום, ס׳האָט נאַכט די פעלד איינגעשלונגען.
פעדראָ׳ס הענט זיינען צוגעקלעפּט
צו זיין שיקערן בויך,
און די טענצער פאַרוואָרפן שוין באַלד די מידע קעפּ.
איז דאָ ניט ווייט פאַראַן אַ קלאָרער טייכל אַזאַ,
לעם וועלכן מען קען זיך שטום אויסציען.
ער איז זייער שטיל, דער טייכל, און דאַנקבאַר
ווען מען קען לעם אים אַ פרייד צושפּינען.
וועלן מיר דאָך אַזוי, שטילע,
נאָך קענען דערכאַפּן אַרויסגעוואָרפענע האַרמאָשקע קלאַנגען.
דערפאַר וועלן מיר אַפילע
פעדראָ׳ס כראָפּען ניט דערהערן:
און ניט זען ווי אַ פליג זויגט זיך איין
אין דעם שניט אַף זיין באַק.
יאָזעפינאַ! מאָרגן וועסטו שוין אַנ׳אַנדער פעלד
אַף דיין לייב צודעקן!
און מיט צעריסענע אויגן
וועלן אַנדערע זיך צוקוקן
ווי ס׳פאַלדעוועט זיך דיין קלייד
אונטער דיינע טאַנצנדיקע פיס.

וועסטו דאָך קענען אויסצימבלען
אַט די נאַכט לעם טייכל
ווען דיינע פינגער וועלן פּייקל-גלעקלאַך אָנרעגן.
קום, דער אַלטער סאַפּאַן
ציילט איצטער די אָנגעגאַנוועטע פערד,
און זיינע געדאַנקען זיינען צופיל פאַרנומען
מיט כעשבענען דאָס געלט וואָס זיי וועלן אַריינברייננגען.
און די אַלטע קאַרמינאַ קאַמט נאָך אַלץ די האָר
באַם פאַררויכערטן לעמפּל:
וועלן מיר זיך דאָך ניט דאַרפן שאַרן צעשראָקענע,
נאָר האַנט אין האַנט וועלן מיר קענען
אַף די שפּיצפינגער אַוועקטאַנצן.
קום, יאָזעפינא! איך וועל דיר מאָרגן
איידער די וועגענער וועלן זיך רירן
אַ וויסן האָן מיט אַ רויטן קאַם ברייננגען.

# גערֹאנגל

1

דערהערט האָב איך דעם גערֹאנגל
פון דער שטאָט
אַט פונקט טאַקע דעמאלסט,
ווען איך האָב מיין שטעטל דערזען:
מיין בלאָטיק שטעטל פון דער ליטא.
אוי, ס׳אַראַ אומעטיקע פרייד!
אוי, ס׳אַראַ פרייד אַ אופגעשוואָלענע
פון די גאַסן בלאָטעם אַרוים.
צניעסדיק וויינט מיין מאַמע
איבער די ליכט פרייטיק צו נאַכט;
ברענט נאָך אַף מיין באַוואָקסענעם פּאָנעם
איר קוש, דער שאַבעסדיקער.

2

וויינט אַ צעריסענע די זוינע
אין אַ גאַסן ווינקל.
קלאָגט זי ווי קעץ אין אַ הויף ביינאַכט,
אַף דעם צעריסענעם לעבן אירן,

אַף די אויסגעגאַנגענע יאָרן,
וואָס זיינען ווי קנוילן
געבליבן ליגן אַף ברוקירטע גאַסן.
העי און העי!
גיט מיר נאָך ווייַן!
דאָס רוף איך אוים דאָ אין דומפּיקייט
פון רויך, וויין, און פּרויען לייבער,
דאָס וועל איך באַלד קויפן
אָט די, מיט די שוואַרצע אויגן!
אַ וואָך צעוויטאָקטע האָפנונגען
ווי שמאַטעס באַ מיר אין קעשענע,
ליגט אָנגעגרייט פאַר איר.
הייבט זיך מיין פרייד
מיט יעדן ליידיקן פלעשל:
אַזאַ שווערע פרייד!
ווי מען וואָלט מיט צוואַנגען
דעם קאָפּ צעריסן.

2

העי, דו דאָרטן מיט די שוואַרצע אויגן!
פאַר טרינקען מיט מיר וועסטו דאָך טייערער
ניט רעכענען?
איז קום, גרילץ אַריין אין מיינע אויערן דיין וויי!
דריי אוים אין טאַנץ פאַר מיר דיינע מיידלשע יאָרן!
ווייל באַלד וועסטו מיין שיקערן אָטעם

פֿאַר אַ פֿאָר צעקנייטשטע שמאַטעס
אין דיין לייב אַריינזופּן.

4

ווײַ, ווי אַזוי וועלן היינט מײַנע ליפּן
מײַן מאַמעס באַקן באַרירן?
ווײַ, ווי אַזוי וועלן היינט מײַנע אויגן
דער מאַמעס פּאָנעם קענען זען?
פֿון איר בלוט האָב איך זיך אויפֿגעכאָוועט,
מיט אַקסלען ברייטע און אַ גאָרילאַ פּאָנעם,
קנעט איך זיך נאַכט אין נאַכט
מיט זײַנעם געפּאַרבטע.
ווייק איך זיך אין געטראַנקען ביטערע,
און צו דער מאַמען קום איך
מיט אַ שווערן קאָפּ.
מיט אויגן פֿאַרגאָסענע,
מיט גלידער, וואָס שלעפּן מיר זיך
ווי איבעריקע נאָך.

ווײַ־ווײַ, ווי אַזוי וועל איך היינט
מײַן מאַמעס גרויע האָר גלעטן?
אַז אַף מײַן פּאָנעם ברענט
אַ געפּאַרבטער קוש.

## ראָכל

1

מיט דיינע בלאָנדע האָר
וואָלט איך זיך אַרומגעוויקלט.
און וואָלט דיך צעפּ לאנגע אויסגעפלאָכטן
ווי בײַ מיין מאַמען אין אַ ערעוו שאַבעס.
און אַ גאָלדענעם קראַנץ
וואָלט איך איינגעפלאָכטן אין דיינע צעפּ,
ווי דער גאָלדענער קראַנץ
בײַ דער הייליקער יונגפרוי.
האָסטו די האָר דיינע אָפּגעשאָרן,
איז ווי אַזוי וועל איך זיי קענען
אין צעפּ פלעכטן
ווי מיין מאַמעס אין אַ ערעוו שאַבעס?

2

דיין כאָלעם דורך מיר,
וואָס דו וועבסט אין די שטילע אוונטן דיינע
אין דיין צימער אין די בראָנקס,
פון גאָלדענע שיך,
זיידענע קליידער,

העלדישע ריטער,
און פרינצן אין גאָלד אָנגעטאָן,
וואָס וועלן פאַר דיר קניען
אַף זיידענע קישעלאַך אויסגעלייגטע,
ווען דו וועסט ליגן האַלב אָנגעשפּאַרט
אַף אַ גין-גאָלדענער קאַנאַפּע
אין אַ פאַרקישעפטן פּאַלאַץ,
אין ערגעץ אַ לאַנד,
וואָס וועט זיין ווייט פון די בראָנקס, —
דיין כאָלעם דורך מיר
דעם פרינץ פון פאַבריק
מיט די צעמאַזאָליעטע הענט.

3

פּונקט אין מיטן יאַם,
אַזוי, גלויב איך, איז דאָס געווען,
האָב איך פּערל געוואָלט אויספישן
פאַרן קראַנץ
וואָס איך וויל דיין האַלדז באַצירן.
זיינען דריי אָדלערס אָנגעפלויגן,
אַזוי פיל, גלויב איך, איז געווען,
און האָבן דערציילט
פון דיין לאַנד:
אין ערגעץ אַף די בלויע אינדזלען,
וועלכע איז דאָ ניט ווייט,

טאַקע דאָ ניט ווייט!
אַזוי האָבן זיי דערציילט, —
איך ווייס ניט.

4

ווען איך טרינק זיך אָן מיט וויין,
(אַזאַ פאַרגעניגן מיינער אַ פאַרדאַמטער!)
טאַקע מיטן היינטיקן וויין,
אין ערגעץ אין אַ קעלער,
ווערן מיר אַלע אַזוי ליב,
אַזוי פאַרדאַמט ליב,
אַזש אַ ווינט גייט מיר דורך
דורך די ציין.
איז דאַמאָלסט וויל איך
מיין העמד אופרייסן
און אַרויסשטעלן מיין האָריקע ברוסט
און אויסשרייען: איר זעט!
מיינע אויסגעפייניקטע טעג
האָבן היינט געפּלאַצט
מיט מיין פאַרגעניגן דעם פאַרדאַמטן.

5

ניט דו בינסט די ראָכל
וואָס ווײנט אַלע נאַכט
אַף די וועגן פון ביים לעכעם

נאָך אירע פֿאַרלוירענע זין.
און ניט איך בין דער יאָסל,
דיין איינציק געליבטער זון.
איז טו אָן אַ פּראָסטע קליידל
און לאָמיר גיין שפּאַצירן
אין וואַלד אַריין.
אין וואַלד אַריין.
אַף די וועגן פֿון האַרלעם און בראָנקס.
ווייל ניט דו בינסט די ראָכל
פֿאַר וועלכער יאַנקעוו האָט געדינט זיבן יאָר:
און ניט איך בין דער יאָסל
וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון פּיטיפֿערן.

# אין טאַנץ

איך טאַנץ אַ שיידים טאַנץ
אַרום דיר,
אין גאַלאָפּ,
אַרוף און אַראָפּ,
צעדרייט אין דער ווילדקייט.
העי, העי! וואו איז מיין קאָפּ?
ניטאָ מיין קאָפּ.
פאַרקייקלט זיך אין אַ רינשטאָק.
ווייי איז מיר!
נו, אַ דייגע;
טאַנץ איך אָן אַ קאָפּ,
נאָך ווילדער, נאָך שטאַרקער,
און לאַך אַ גרויסן געלעכטער
מיט'ן בויך,
אָט אַזוי,
אין געדריי.
אונטער דעם אופּרייצנדן געשריי
הייב איך די פיס נאָך העכער
און כאַפּ אין טאַנץ
אַ שיידים קאָפּ,
און באַציר מיין האַלדז

ווי מיט אַ קראַנץ,
וויי איז מיר!
און זאָלן אַלע מענשטן טאַקע זען,
אַז יאָסל איז אַ שעד געוואָרן,
הע, הע, איך לאַך
מיט'ן בויך!

## ווען ס׳וואָלט געווען אַזוי

ווען איך דאַרף ניט אופשטיין פון מיין בעט,
נאָר ליגן מיט אָפענע אויגן און קוקן
ווי די פאַרב שיילט זיך שוין אָפּ פון דער סטעליע,
און ווי די פרייסן (איך מיין ניט קיין דייטשן, נאָר
קאקערוטשעס)

האָבן דאָרט געמאַכט אַ נעסט
און שפּילן זיך אין מאַן און ווייב
און לאָזן נאָכער אויס זייער צאָרן צו מיר, —
איך וואָלט זיך אפילו ניט געגעבן קיין ריר,
און ניט געקלאָגט אויף דער פינסטערער דאָליע,
וואָס מיין מאָגן האָט בא מיר:
איך וואָלט אפילע פאַרגעסן די פיגור
פון דער פרוי
וואָס איך בין נעכטן נאָכגעלאָפן ווי אַ קאַלב.
זי וואָלט מיר ניט געקענט רייצן אפילע מיט איר לייב,
איך גלויב אַזוי,
איך וואָלט זיך געלעגן די פיס אויסגעצויגן,
און וואָלט געפּוילט זיך אפילע צו קלערן,
ווי פיינט איך האָב אייך.

# ליבע

אין די פרימאָרגנס
קנויל איך זיך אין מענטשן קערפּערס,
צי אַריין אין מיין אינגעווייד
דעם רייאַך פון פרויען לייבער.
אין די נאָכמיטאָגס ברענען אין מיר די אייוורים,
מיינע מענער אייוורים,
און דער רייאַך פון די פרויען לייבער
טאַנצט מיט מיר ביז די פאַרנאַכטן,
ווען איך צי אין זיך אַריין
דעם שווייסיקן רייאַך פון פרויען קערפּערס,
דעם רייאַך פון אָפּגעסמאַליעטע גומע,
און אין די ביינאַכטן מיט ברענענדן דורשט
ווי פון עלעקטרישער קראַפט געטריבן,
ווי אַ הונט נאָך אַ צויג,
איבער די גאַסן פון שטאָט
מיט די אויגן ווילד אָפן
וואָס שפּרינגען אַרויף אַף פרויען פּענימער,
אַף נאַקעטע העלדזער,
רונדע בוזעמס,
רייסן אויף קליידער.
פאַלן די בליקן אַפילע אַף די שפּיציקע בייכער

פון טראָגעדיקע ווייבער,
שטייפּט מען אָן די ציטעריקע קני:
ווערן פרויען מיט שוואַרצע הויטן ליב.
רייצט זייער לייב,
שלאָגט זייער שוואַרצע וואַרימקייט אין מויל:
איינס, צוויי, דריי, פיר
אויסגעשפּרייט
ווי אַ קייט
איבער דער ברייט פון טראָטואַר,
רייסן זיך די פולע בוזעמס
פון די דורכזיכטיקע בלוזקעס,
זעט זיך האַלבע ברוסטן אַרויס,
ניט קאָרסעטעוועט.
פאַלדעווען זיך די דינע קליידלאַך נאָכן גאַנג
אין דער צוויי העלפטיקייט פון די פיס,
זוכן זיי אויך מיט די אויגן,
ווילט זיך איינע פון זיי אַרויסציען פון קייט.
דו ווייסט אַז זיי לעכצן.
וויקלען זיך די געלעכטערס זייערע, די פולע, די צייטיקע,
אַרום דיין קערפּער,
ווילסטו אַ שמייכל טאָן,
קייקלט זיך אַוועק די געוואַגטקייט,
זוכן די אויגן אין די ווינקלען
רייסן זיך אַרויף צו פענצטער!
עפּשער וועט אַ איינע אַרופטאָן אַ געפאַרבטע?
אָנגעפאַרבטע, אַלע פאַרביי דיר אַזוי שטייף.

טאַפּט מען די געלט שטייפער אין קעשענע,
פינטלט זיך פרויען פיגורן פאַר די אויגן,
און וויגן זיך אַרום דיר.
איינס, צוויי, דריי, פיר,
אַלץ צוזאַמענגעמישט!
האָר, אויגן, ברוסטן,
אין לייב, לייב, לייב!
אַטעמט מען שטיל עפּעס אַריין אַ פריינט אין אויער,
מיט אַ נאַרישן שמייכל לייענט מען נאָך אַמאָל איבער
דאָס שטיקל פּאַפּיר,
און פריידיק ציטעריק,
מיט אַ גלעזערנער מוירע
וויקלען זיך די הענט
אַף אַ נאַקעטן פרויען קערפּער,
מורמלט זיך האַלבע, מאָדנע ווערטער אין עקסטאַז.

— — — — — — — — — — —

שלעפּט מען זיך אַזוי גלייכגילטיק איבער די גאַסן,
איינס, צוויי, דריי, פיר,
מיט מיידלשן געלעכטער,
און דו אַזוי מיד פאַרביי.

## ווען איך וואָלט געווען

ווען איך וואָלט אַ יעוונוך געווען,
וואָלט מיך ניט געאַרט
ווען איך וואָלט צוגעזען,
ווי אַ ווינט קייקלט אַרוּף דאָס קלייד
פון אַ פרוי
אַזש ביז די קני;
איך וואָלט זיך אפילע ניט געגעבן די מי
צו זען, וואָס פאַר אַ אונטערקלייד
זי טראָגט,
און מיר וואָלט ניט געאַרט,
ווען איר פּאָנעם איז צעפּאָקט
ווי אַ רעשעטע,
אָדער אַזוי שיין
ווי דאָס געמאָלענע בילד
באַ מיר אַפן קאַלענדאַר;
איך וואָלט פון איר ניט געכאָלעמט
ווי אַ נאַר.
און וואָלט מיך, אַ איינע, מיט אַ מעליקן פּאָנעם,
געגעבן אַ רוף;
וואָלט איך גלייכגילטיק, קאַלט,
באַטראַכט איר גוף,

און געטראַכט:
אַז פֿאַר מיר האָבן אַלע יעוואָנים
איין פּנים,
און וואָלט מיט אַ געלעכטער
געגעבן אַ געשריי: „גאָ טוהעל ! ! “

# WAY DOWN EAST

I

מײנע נעכטנס, מיט זוניקן גאָלד אױף די ברעמען,
מיט באַפּערלטע ליפּן
שטײף אױסגעצױגענע,
מיט פֿאַרגלעזערטן גענעץ — צו מײן טאַנצנדיקן באַלד —
פֿון פֿאַרשלאָסענעם ערגעץ,
װײנען די אומעטיקע רעגנס מײנע
מיט גרױסע טרערן, אַזױ װי מיט ליצערין אנגעשמירט,
צום באַלד,
און בעטן אים ער זאָל ניט אַרױסגײן.
פֿאַרשלים זיך אונטער טױזנטער שלעסער
און װינק מיט אײן אױג אז באַלד —
װײל באַלד װעסטו ליגן
מיט אױסגעשפּרײטע הענט
פֿון אומעט אַ פֿאַרפּײניקטער.

II

קומט די געליבטע, מיט אַ פּאָנעם
אַ אױסגעצױגענעם,
עפּשער נעכט ניט דערשלאָפֿן?

עפּשער טעג אין טאַנץ, אַרום זיך, מיט זיך.
מיטן זוכן אים, מיר.
די האַרץ אירע פאַרפּייניקט?
נעם איך מיט די רעגעס, די אומעטיקע,
און באַפּוץ איר פאַרפּייניקט האַרץ,
צעשפּרייט זי זיך אין איר ווייסקייט
און נעמט מיר שטאַרקער אַרום;
טאַנצט דער אומעט מיט מיר שטאַרקער אין די פרימאַרגנס,
אויסגעשפּרייט אין די פיר ווינקלען פון מיין שטוב,
ווי די שווערקייט פון וואָלקנס פאַר אַ רעגן.

III

האַרבסט, בלייאיקער האַרבסט,
מיט אַזאַ אָנגעצויגענער שווערקייט אין מיר,
האַרבסט צעלייגט אונטער מיין יעדן טראַט.
האַרבסט אין מיין שלאָף,
האַרבסט מיט געלעכטער,
מיט ווייבערישן געלעכטער
אַרומגעוויקלט אַרום מיין האַלדז.
און איידער איך וואַש נאָך אוים
די אויגן מיינע פון נאַכטיקן שלאָף,
און איידער די כאַלוימעס פאַרוויקלען זיך אין געוועב,
שטייט שוין דער האַרבסטיקער אומעט לעבן מיין געלעגער,
מיט געלן געלעכטער אין די קנייטשן,
אין איר ווייבערישן קלייד אָנגעטאָן.

צעלייגט זיך דער געשריי
אַף אַלע ווענט, אין יעדער שפּאַרונע פון שטוב,
ווייסן שוין אַלע אַז דער האַרבסט
האָט דעם טאַנץ אָנגעהייבן.

IV

דעם שטערן איינגעגראָבן אין טויאיקן פענצטער —
מיין מאַמע דאַרף קומען,
מיין מאַמע דאַרף קומען.
די פרוי, וואָס האָט אין צייטן
פרייד צו מיין טאַטן געבראַכט,
די פרוי וואָס האָט מיט טאַנץ
און צייטיקער פולקייט
לעבנס אָנגעאָטעמט,
וואָס קען מיר שוין די פרוי, מיט די שלעפנדיקע פיס געבן?
צו וואָס דאַרף איך איר מיט איר שאַרנדיקן גאַנג?
קיין פרייד וועט זי מיר ניט ברענגען.
איז צו וואָס דאַרף זי קומען!
איז צו וואָס דאַרף זי קומען!
דאַרף מען אָנצינדן ווייראַך
און זיך שטעלן מיט הייליקער מוירע אַף די קני
און זינגען אַ געבעט, צום געבעט,
און זינגען צום צווייטן באַלד
ווייל דער איז אַ איצטער געוואָרן,

און עפּענען ברייט די טירן,
דער מאַמען מיט קאָוועד אַריינלאָזן.

V

אַ לוסיאַ, אַ לוסיאַ —
מיין לוסיאַ!
גוט איז דאָך וואָס איז כאַטש דאָ
אַ דאַך איבערן קאָפּ.
און אַ געלעגער, אין אַ ווינקלשטיין,
וואו מען קען די פיס ביז ווייטקייט אויסציען.
גוט איז כאַטש, וואָס אָטעמס זיינען ווי פייער הייס
און קערפּערס צעצונדענע ברענען —
איז דאָך געזאַנג אין פאַרגלייך מיט דעם
א רעוועכדער געשריי,
און וועלטן מידבאַריעם צעלייגטע;
און הימלען צעטראָטענע שמאַטעס אונטער אונדזערע פיס,
און שטערן ווי צעשאָטענער זאַמד אַף וועלכער מיר טרעטן:
אַ לוסיאַ, אַ, לוסיאַ —
מיט די אויגן דיינע די שוואַרצע!
אוי, סאַראַ אויגן דיינע!
וואָס פאַר אַ אויגן דו האָסט!

## אַזוי פאַרדאַמט

כאַפּ איך זיך אַרויף אויף מיין אַראַבישן פערד
און פאָר מיט ברייטקייט צום שטאָט.
די היטל אויף אַ זייט
מייסע איך אַליין,
דערשרעקן זיך די פעלדער
פאַר מיין ווילדן פערד.
(און וואו בין איך עפּעס?)
און אַנטלויפן הינטער זיך.
(אָ, אָ, איך בין וואַזשנע!)
דערזע איך שוין פון ווייטן
שטיבעלאַך שטיין אַזוי פאַרכאָלעמט
אין דער פרימאָרגנדיקייט.
ווייס איך, אַז היינט באַנאַכט
האָט מען זיך אין זיי
אין ליבע געשפּילט.
און פון דורשטיקער צוקוקונג,
זיינען זיי אין זיסקייטן איינגעשלאָפן.
הייסט דאָס, אַז איך בין שוין נאָענט פון שטאָט.
גוט!

שפּרינג איך פון פערד אַראָפּ,
און באַשלים צו וואַרטן

ביז ס׳וועט זיך אין שטאָט באַלעבן.
גיט די זון אַ וואונק צו מיר:
טאַכשעט, שוין צייט!
שפּיגל איך זיך אָפּ
אין די פערדישע אויגן
און גלייך אוים דעם קראַוואַט,
שפּרינג אַרוף אַפן פערד
גרינג ווי אַ פעדער,
און שריי אוים צו דער
איבערגעשראָקענער ערד,
אַז דאָס פאַר איך דער יאַט אַוועק
גלייך אין שטאָט אַריין.
טרעף איך שיינע דאַמען גיין,
ווייס איך, אַז די שטאָט איז שוין באַלעבט.
פאַרנויג איך זיך פאַר זיי אַזוי עלעגאַנט,
אָט פונקט ווי אַ ריטער פון די ריטער מענטשלאַך,
וואָס הייסט, איך בין דאָך עפּעס אַ יאַט,
פאַרשמייכלען זיי זיך
און איילן גיך אַוועק.
פאַרדריסט עס מיר!

איז מיר באַ דער זייט
אַ דאַמע זייער געפעלן.
זע איך, אַז אין איר גאַנג
ליגט שאַבעסדיק צעלייגט
די זעטיקייט פון דער נאַכטיקער ליבע.

טוט עס מיר אַנאָע.
ווייל איך פון פערד אַראָפּשפּרינגען,
גיט זי אַף מיר אַ זאַטן בליק,
ווייס איך, אַז איך בין דאָ איבריק
צום טייוול!

קוק איך נאָך ווי די סטראַשידלעס אין הויזן
איילן זיך צו פֿאַרדינען,
כּדי צו באַצאָלן פֿאַר זייער ליבע.
קלערן זיי: דאָ מוז געווים אַ פֿאַרעץ פֿאָרן.
מיט דער היטל אַפּן זייט.
כאַפּן זיי די היטלען אַראָפּ
און פֿאַרנויגן זיך
פֿאַרדריסט מיר פֿאַרוואָס זיי זיינען
ניט קיין דאַמען.
ווייס איך, אַז ס'וואָלט ניט געווען אינטערעסאַנט,
גיב איך מיר אַנטווישט אַ מאַך מיטן האַנט
און שרעק איבער דריי ווייסע גענדז
מיט אַ קאַץ.
הייבט אָן דער זאַמד
פֿאַר מיר קאָדעש שפּרינגען,
לויפן קינדערלאַך אָן
און הייבן אָן קלינגען
מיט זייערע געלכל שטימלאַך:
מענטש זעט,
דאָס פֿאָרט יאָסל דער משוגענער פּאָעט!

און פּאַטשן מיט די הענטלאַך אַזוי צופרידן.
ווייס איך, אַז זיי האָבן מיך דערקענט,
ווייל איך זיך אָפּשטעלן,
גיבן די געלעכטערס אַ שמיץ דעם פערד אין בויך
און איך פלי אַרויס צוריק אין פעלד.

שלעפּט זיך אָן אַ מידע,
מיטן הוט אַף אַ זייט,
און רעדט מיר שטיל אָן איר ליבע
פאַר אַ זילבערנע מאַטבייע.
דערמאָן איך זי אָן דער זאַטער
אין שטאָט,
און גיב איר אַ כאַפּ אונטערן אָרעם,
פאַרקריך אונטער אַ בוים
און שטעל אַוועק דעם פערד היטן
יאָסלען, דעם משוגענעם פּאָעט,
מיט זיין געקויפטער ליבע,
וואָס קאָסט ניט מער ווי אַ זילבערנע מאַטבייע.
— — — — — — — — — — — —
טפו, גאַנץ וואַזשנע!

## וואָס אַ מיידל קען זיך פאַרוועלן

האָט זיך אַ מיידל פאַרוואָלט
גיין אין פעלד רייסן בלומען,
(וואָס אַ מיידל קען זיך פאַרוועלן!)
האָט זי אויפן וועג דאָרט אַ טייכל געפונען,
און ס׳איז איר גראָדע געפעלן
זיך געבן אַ שפּיל מיט דער שטילקייט
פון טייכל.
און אים אַביסל רייצן מיט איר ליבּ,
דאָס טייכל איז זיך גראָדע דאַמאָלסט
געלעגן נאַאיוו און פאַרכאָלעמט,
איז ער אויפגעשפּרונגען דערשראָקן
פון דער מיידלשער געוואַגטקייט
צו שטערן זיין רו.
און האָט ברויגעזדיק אין דער ווייט
אַוועקגערוישט זיין שרעק.
(וואָס אַ מיידל קען זיך פאַרוועלן!)
זיינען די בלומען אין אירע אָרעמס געוואָרן
אָנגעפילט מיט די ריחות פון איר ליבּ,
און האָבן זייער דופט פאַרלאָרן,
איז דאָס טייכל דערוואַרעמט געוואָרן
פון אירע מיידלשע גלידער,

און האָט פאַרשיקערט זיי אין זיך איינגעקלאמערט,
איז דער מיידל דער שפּאַס ניט געפעלן.
איז זי אַרויס פון טייכל
און אוועק אין אַ טאַנץ
מיט די שטראַלן פון דער זון.
און פון דאַמאָלסט אָן רוט שוין ניט
דאָס טייכל פאַרקלערט;
דאָס מיידל מיט איר לייב האָט גערויבט
זיין פאַרכאָלעמטע רו.
(וואָס אַ מיידל קען זיך פאַרוועלן!)
און רוישנדיק דערציילט ער דעם וואַלד,
אַז ער האָט שוין די מיידלשע סוידעס
אויסגעפונען.

## כ׳האָב באַשלאָסן

כ׳קלער אַהער און קלער אַהין
און קען זיך ניט דערקלערן, ווער איך בין.
שטעל איך זיך באַם שפּיגל קלאָגן
עפּשער וועט ער מיר דעם סאָד אויסזאָגן.
טאַקע ווער איך בין?
זע איך אַז איך בין ניט שיין
צעוויין איך זיך מיט אַ גרוים געוויין,
און קוק מיט כאַרפּע אַף מיין לאַנגער נאָז
און וויל פון איר אַנטלויפן ווי אַ האָז,
איבערלאָזנדיק איר באַם שפּיגל אַליין,
עפּשער וועל איך ווערן שיין?!
איז מיין נאָז אַפן פּאָנעם אַלץ פאַרבליבן,
הייסט, אַז קיינער וועט זיך שווין אין מיר ניט פאַרליבן.
קום איך צום באַשלוס אַז איך בין אַ נאַר
און וויים אַז מען דאַרף מיר אָפּשמייסן דערפאַר!
ווייל אַ איד וואָס האָט אַ ווייב מיט דריי קינדער
טאָר זיך ניט פאַרליבן,
ווען ער האָט נאָך צו אַלדי שוואַרץ יאָר
אַ לאַנגע נאָז דערצו!

# וואָס וועט זיין?

אַז באַ יאָסלען וועט די ווילדע בלוט רואיק ווערן,
וועט ער זיך די ערשטע זאַך די לאַנגע האָר אָפּשערן,
און וועט פאַרמאַכן טיר און טויערן
פון דער מויזן לאַך,
(אין וועלכער ער וואוינט)
און ער וועט מיט וואַטע פאַרשטאָפּן די אויערן
עס זאָל ניט צוקומען
קיין מינדסטער שאָרך
(פון גאַס אַריין:)
אַז אַלץ וועט שוין ווערן
שטיל און פיין,
(אַרום אים)
וועט ער זיך אופהייבן זייער סאָליד
און מיט וואַזשנעקייט
באַטראַכטן יעדער גליד,
(אַף זיין קערפּער)
אַ גלעטטועדיק זיין אויסגעפּאַשעטן בויך
וועט ער אַריינרופן דעם ניגער זיין שאָכן,
וועלכער איז זעקס פוס הויך,
און אים בעטן ער זאָל אַרויסטרייבן
דעם אָרימען ברודער איוואַן,

וואָס איז אַזש פון יענער זייט יאַם
(צו אים פּאַרקראָכן)
אין אַ ווינקל פון זיין מויזנלאָך.
ווייל ער איז נאָך דער איינציקער
פון וועמען ס׳הערט זיך אַ שאָרך;
און ער אַליין וועט זיך אַוועקזעצן זייער שווער
הייסנדיק זיך דערלאַנגען די ליולקע טאַבאַק,
און וועט בעטן דעם ניגער מיט אַ טרער
(מען ווייסט ניט צי פון טאַבאַק־רויך, צי פון געוויין)
ער זאָל זיין אָרימען ברודער נאָכוואַרפן אַ זאַק
קדיי ער זאָל קענען איבער די הייזער גיין,
און אַז אפילע אַ שאָרך אַ קלענסטער
וועט שוין פאַר אים ווערן פאַרשטומט
וועט ער בעטן מען זאָל עפענען אַ פענצטער
און דער ניגער זאָל אויסרופן מיט אַ געשריי
צו די לייט אונטן,
אַז זיי זאָלן וויסן,
אַז דאָ הויבן:.
אין מויזנלאָך
געפינט זיך ניט קיין אַנדערער,
ווי דער גרויסער נאָווע פון זיין צייט:
איסאַם־פּאַשאַ — יאָסעליי!

# פּיט

ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער
מיט זיין אומגעלומפּערטקייט, דער גרויסער בער,
און האָט אַלץ ניט אופגעהערט צו קלערן
(מיט זיין בערישן מויאַך)
וואָס ס׳וועט פון אים ווערן.
טאַקע וואָס ?
ער איז דאָך שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ בער אין די יאָרן
און ער איז נאָך אַלץ ניט געוואָרן
וואָס ער האָט געוואָלט.
האָט ער זיך אַזוי אַרומגעדרייט מיט זיינע בערישע טריט
ביז ער האָט באַשלאָסן אַז ער זאָל גאָר ווערן דער פּאָליאַק
פּיט :
איז ער גלייך אַוועק צו אַ שערער
און האָט די האָר אָפּגעשאָרן
(ווי באַ אַ יאָזש).
איז ער טאַקע באַלד אַזוי ווי דער פּאָליאַק פּיט געוואָרן :
(אַ הינטישער זשליאַב).
האָט ער ווייטער געקלערט אַהין און אַהער
און האָט אַרויסגעזען, אַז ער איז שוין מער ניט קיין בער.
האָט ער באַלד ווילד אָנגעהייבן שרייען,
אַז ער מוז ווי אַ מענטש לעאַוודל האָבן צו קייען.

(נאָר אַוואו קריגט מען דאָס?)
האָט ער אזוי לאַנג געזוכט צו קייען,
ביז ער האָט אַרויסגעזען, אז ער קען ניט געפינען
און האָט באַשלאָסן אז ער מוז גיין פאַרדינען.
(אַף עפעס צו קייען).
האָט ער זיך האַסטיק געגעבן אַ שטעל
און איז פאַרקראָכן אין א פאבריק וואו מען שלעפט פעל.
(פונקט צוגעמאָסטן צו זיין בערישן קויאַך).
איז ער שוין געווען צופרידן, ער וועט שוין האבן וואָס
צו עסן,
פונקט ווי דער יאָלד יאָסל, וואָס איז דאָרטן געזעסן
(און האָט אויך געשלעפט פעל!)
האָט ער גרוים נאָכאָס אָנגעהייבן קלייבן
וואָס מען קען פון דעם יאָלד יאסל שפּאָס טרייבן,
(און זיך טשעפּען מיט אים).
און איז כיטרע, ווי אַ האָז,
געקראָכן אויף אַלע פיר פאַרן באלעבאָס.
(אַ בערישע געוואוינהייט)
און מיט שטאָלץ האָט ער געקלערט פון דעם:
אז דער פאָליאַק פּיט איז ער
און דער אָרימער יאָלד יאָסל איז גאָר דער בער.
צופרידן האָט ער געגלעט זיין יאזשיקן קאָפּ —
אַז געהארגעט זאָל ער ווערן, דער הינטישער זשליאב!

## זאָל זיין גאָלדענע שיך

האָט זי זיך צופרידן צעלייגט אין דער ברייט
און האָט געוואַרט ביז דער האָן האָט געקרייט;
ווייל זי האָט געוואוסט אַז ווי באַלד
דער האָן וועט נאָר קרייען,
וועט ער איר ברייגען ס׳קלייד
וואָס ער האָט צוגעזאָגט אופנייען
פון פייגן בלעטער, וועלכע ער האָט אָנגעריסן אין וואַלד,
האָט זי זיך צופרידן צעשמייכלט שטיל
און פאַרפלאָכטן די האָר, אַזוי, צוליב שפּיל.
און באַם טיר אַוועקגעשטעלט צוויי טעפּ בלומען
און האָט זיך ווידער צעלייגט אין דער ברייט
און האָט געוואַרט ביז דער יונג וועט קומען
מיט דער פייגנבלעטער קלייד:
אַזוי איז אַוועק אַ צוויי שאָ
און דער יונג איז נאָך ניטאָ
מיט דער פייגנבלעטער קלייד.
האָט זי שוין פאַרשטאַנען אַז ער וועט ניט קומען,
איז באַלד פון איר אַוועק די גרויסע פרייד,
האָט זיך מיטן פּאָנעם צום וואַנט אויסגעדרייט
און מיט אַ פינגער געדרייט אַהער און אַהין
און האָט זיך גאָר פאַרשפּילט מיט אַ שפּין.

באַלד האָט זי אָבער געמאַכט אַ פּאָנעם אַ פרומען
(ווי זי וואָלט גאָר אַף קיינעם ניט געוואַרט)
ווייל זי האָט געוואוסט אַז באַלד דאַרף קומען
דער יונג מיטן פּליך,
וואָס האָט איר צוגעזאָגט ברייננגען
אַ פּאָר גאָלדענע שיך.

## אַ פּאָהיבל אַף איר!

בין איך אַריין צו איר קאָרטן וואַרפן,
פּונקט דאַמאָלסט, ווען זי האָט דאָס ראַזיר מעסער
גענומען שאַרפן.
(ניט כאָלילע צו באַגיין אַ מאַרד,
נאָר אָפּראַזירן זיך די באָרד)
האָט זי אויסגעשפּיגן דריי מאָל
און אַ געשריי געטאָן
צום קודלאַטן הונט: „פּאַשאָל וואָן"!
ווען זי'ט באַטראַכט מיר רום און רונד
און האָט דערשמעקט אין מיר אַ גוטן קונד
האָבן די קנייטשן באַ איר אַ שמייכל געטאָן:
נישט דיר,
דעם הונט
האָב איך געזאָגט „פּאַשאָל וואָן!"
און מיט אַ שטים פון אַ אַלטן פייגל,
און אַ זייטיקן וואונק מיט אַ אייגל
(אַ פּאָהיבל אַף איר!)
האָט זי די האַנט צו מיר אויסגעשטרעקט,
דעם טאלער באַ מיר צוגענומען,
זיך באַלעקט
און האָט געזאָגט:

ס׳טוט מיר באַנג,

די קאָרט באַדייט

אַז פון דיר וועט שוין קיינמאָל ניט

זיין קיין לייט!

— אַמעריקע אנטדעקט —

כ׳ווייס דאָס שוין אַליין פון לאַנג!

# האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם

I

האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!
שטעט און וועגן אויסגעמאָסטן,
פרייערס ווילדע אויסגעטראָטן!
נאָנטע פאַרלאָזט שוין לאַנג צוריק:
היים — ווער געדיינקט דען וואָס דאָס איז?
אַף פעלדער נאַקעטע האָט זיך מיין גוף געוואַרעמט:
און ווען הונגער האָט דאָס לייב געברענט
האָט מען אין טירן פאַרמאַכטע אָנגעקלאַפט,
האַלץ גענוג אָנגעהאַקט,
פאַר ברויט מיט כאַזער-פלייש
אַף דעם לאַנגן וועג.
ווייב און קינדער שוין לאַנג ניטאָ —
אין דער גרויסער שטאָט אַליין:
און ווי הונגעריקע מייז
האָבן זיי געמוזט אין ווינקלען אויסגיין.
ווער ווייסט?
קען זיין, אַז די וואָס איך האָב
איר הונגער געשטילט
מיט ברויט און כאַזער-פלייש אַ שטיק,

און נאָכדעם מיט איר קלאָרן לייב זיך געשפּילט,
איז עפּשער גאָר מיין בלוט, מיין אייגענע געווען,
וואָס האָט ווי איך אַליין,
מיט די נעגל און די ציין
פון דער גרויסער שטאָט זיך אַרויסגעביסן?
האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!

II

און ווען די מידע פּים
דערשלעפּן די ברודיקע אייוורים
צו דער גרויסער שטאָט;
און ווען די גראָבע שטעקנס
פון די פּאָליציילייט
לאָזן די פאַרפרוירענע פּים
אויף אַ פּאַרק באַנק ניט אויסציען:
שאַרט מען זיך ווייטער,
ווי אַ שאָטן אויפן וואַנט,
איבער די גאַסן פון שטאָט,
מיט דער האַריקער ברוסט צום בייסיקן פראָסט,
מיט שטעכיקן דורשט אויף די ליפּן,
נאָר ווער מען אַרט עס?
באַלד וועל איך ווייטער
מעסטן פעלד און וועג.
האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!

III

העי „באַדע“! איך שטרעק צו דיר אוים
מיינע ברודיקע הענט!
גיב אַן אָרימען באָם
אַ פּאָר סענטן פאַר קאַווע!
איך שווער דיר באַ מיין גרויען קאָפּ
אַז איך וויל ניט מער ווי אַף קאַווע —
די גלידער, אַט די פאַרשאַלטענע, דערוואַרימען.
איך צי פאַר דיר מיין צעריסענע הוט
ווי איך וואָלט אַ „דזשענטלמאַן“ געווען:
קוק אַף מיין לייב וואָס זעט זיך אַרוים
דורך מיינע צעריסענע קליידער,
ווי די פעל פון דער קאַץ,
וואָס ליגט דאַ אין ווינקל אַ דערפרוירענע.
האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!

IV

קען זיך שוין דער מידער קערפער                                  צ
מער ניט בויגן שטיקלאַך פּאַפּיראָסן אופצוקלייבן,
און פון די שמוץ קאַנען קען מען שוין ניט מער
דעם הונגער איינשטילן —
איז דער גרויער קאָפּ ווי בליי געוואָרן
פון וואַלגערן זיך מיט די קעץ צוזאַמען
אין די האָלם פון דער גרויסער שטאָט:

איז האַלעלויאַ צו גאָטס זון!
פאַר ווען איך פּייקל אוים אַ לויב
פאַר ברויט, מיט זופּ וואַרימע,
וואָס איך קריג פון די אָנגעקליבענע מאַטבייעס.
טאַנץ איך ווי די אַף באַם איטאַליענער!
זינג איך מיט מיין עלנד דאָ:
האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!
האַלעלויאַ, איך בין אַ באָם!

## זון אונטערגאַנג

I

אַוואו וועל איך מאָרגן מיין קאָפּ לייגן?
אַוואו וועל איך מאָרגן מיינע פים אויסציען?
און קיין וואַסער וועט ניט זיין
צו שטילן דעם דורשט,
און קיין ברויט וועט ניט זיין
צו שטילן דעם הונגער,
וועט מען מוזן נאָך שטילער איינגעבויגענער ווערן,
און זיך אַף וועגן פון שטאָט אַרויסלאָזן,
מיט געבעט אַ מאַטבייע בעטן,
אַ קופּערנע מאַטבייע!
פאַר אַ גלאָז הייסע קאַווע
און אַ וואַנציקע בעט אַף דער בויערי.

II

און אַז קיין ברויט איז ניטאָ!
און אַז קיין ברויט איז ניטאָ!
און די ווייב מיט די קינדער
דרייען זיך ווי שאָטנס אַרום דיר,

און די אויגן פון הונגער
שפרינגען ארויף ווי הייסע קוילן
אף דיין הארציקער ברוסט,
קען מען דאך די ווענט פון שטוב ניט גריזשען.
און קיין ברעקלאך איז שוין אויך ניטא.
איז וואס זאל מען טאן?
איז וואס זאל מען טאן?
זיך ארויסשטעלן האלב נאקעט
אין ערגעץ אף א מארק,
ווי אמאל די שווארצע שקלאפן,
כדיי צו קענען דאס שטיקל ברויט גריזשען,
און די ווייב אלס א מאשקן דעם פראצענטניק
אף א יאר אפגעבן.

III

וועט אמאל טרעפן אין א טאג,
ווען די קינדער וועלן ארייניציען
אין זייערע פוסטע בייכער
דעם ווארימען רייאך
פון דעם, וואס מען וועט אין א צווייטער שטוב קאכן!
און בא דער ווייב וועט שוין מיד ווערן דער געדאנק
אין גאס זיך ארויסגיין פארקויפן.
וועלן די אויגן ווי בא א וואלף זיך צעברענען,
וועט מען זיך אף ווענט פון שטאט ארויסלאזן,

מיט די ציין אין אַ האַלדז זיך אַריינבייסן,
און די קינדער פרייד ברייננען צוטראָגן.

IV

מען וואָלט לייב אין לייב געקענט וואַרעמען,
ווען זיי וואָלטן בלוי, ווי געשוואָלענע אָדערן ניט געווען,
איז גוט כאָטש וואָס די פיס קענען זיך
פון דער ערד אופהייבן
און ביז ווייטאָק זיך וואַרימער מאַכן,
און די פּאַרע פון די אייגענע אָטעמס
אין לייב אַריינבלאָזן.
וועלן דען די פיס קענען דערטראָגן
ביז דאָרט, וואו מען טיילט קאַווע היינט?
וויפל שטייט מען שוין אַזוי
אונטער דער שפּיציקער נאַכט?
מיסטאָמע שוין אַ לאַנגע צייט.
באַלד וועלן די הענט
אַרום דער הייסער קאַווע זיך אַרומוויקלען.
אין נאָז וועט די וואַרימקייט אַריינשלאָגן.
און די רייע איז אַזוי גוואַלדיק לאַנג,
ווי דער אויסגעשפּרייטער פראָסט,
און די רייע איז אַזוי פאַרגליווערט,
ווי דזשאַנס קערפּער,
וואָס ליגט מיט דער האַריקער ברוסט
צו דער לעוואַנע.

## אין קנויל

I

דזשאָן

אַז מען האָט דזשאָנס קערפּער,
ווי אַנגעוואָרפענע מיסט
אַוועקגעשלעפּט:
האָבן באַ טעסן די אויגן געטריפט
ווי זיי וואָלטן מיט זאַמד געווען אָנגעשאָטן,
די צעוואָרפענע האָר זיינען דורכן קנייטשיקן הוט
אין מויל אַריינגעקראָכן,
ווער וועט היינט איר צופרוירענעם גוף וואַרעמען?
ווער וועט היינט די בלאָטיק גרויע האָר גלעטן?
און ווען דער ניגער טאָם האָט מיט די שוואַרצע הענט
אירע הענט געוואַרעמט,
און דורך די ברייטע ליפּן
איבערן הוט געמורמלט:
„קום מיט מיר האָניע",
האָט טעסע אירע לונגען געוואָלט אויסהוסטן,
און ווי אַ פּעקל שמאַטעס
אַף דער פּראָסטיקער ערד בלייבן ליגן,
און ווען טאָם האָט אירע גלידער

מיט הייסע קאַווע געוואָלט דערוואַרעמען,
האָט זי זיך, ווי אַ דערשלאָגענער הונט
נאָך זיינע צעריסענע שיך נאָכגעשלעפּט.

II

„מיר קריסטלאַכע סאָלדאַטן"

מיט אָרעמס צעשפּרייטע
און בלאָטיקער ליכטיקייט,
האָט מען אַ טיר געעפנט:
„פרידן אַף דער ערד
גוטער ווילן צווישן מענטשן".
„עפּל פּאַי" מיט כאַזער פלייש
וועט מען היינט טיילן.
טאַבאַק מיט פּאַפּיראָס-פּאַפּיר,
גענוג אַף אַ גאַנצע וואָך די שטיקלאַך ניט צו קלייבן:
צעגאָסענע צופרידנקייט
אַף פראָסט-אָנגעברענטע פּענימער.
מיר זינגען:
„זיינען מיר קריסטלאַכע סאָלדאַטן"
דורך העלדזער פראָסטיקע,
צוזאַמענגעמישט מיט דער בלאָטיקער ליכטיקייט,
אַ נאַכט וואַרימע רו אַפן בלאָטיקן דיל.
„פרידן אַף דער ערד,
גוטער ווילן צווישן מענטשן".
מאָרגן פרי קריגן מיר דערפאַר ווייס-ברויט מיט קאַווע.

III

דער פראָסט, אַ זאַטער, אַ צופרידענער,
וויקלט זיך אַרום נאַקעטן לייב,
און פּאָר זינגען: „מיר זיינען קריסטלאַכע סאָלדאַטן“
גיט מען שוין אַפילע ניט קיין „דאָונאַטס“,
און אין די הייזער פון גאָט
וואַרעמט מען בלויז די הייליקע יונגפרוי,
וואָלט דאָך גוט געווען
ווען ס׳פאַלט אַראָפּ אַ שניי,
אַזאַ גראָב-בייכיקער שניי,
וואָלטן דאָך געבליבן מאַטבייעס גענוג
אַף עטלאַכע נעכט אַ בעט צו קריגן.

IV

אַז זומער וועט קומען.

אַז דער זומער וועט קומען
און גרינער געלעכטער
וועט זיך אַף וועגן צעלייגן,
וועט מען נעמען דעם ניגער טאָמאַס
און זיך צו די פּריירעס פון לאַנד אַוועקלאָזן.
מיט אויסגעשפּרייטע הענט
די גאַנצע ברייטקייט אַריינציען,
און אַז דער טאָג וועט דעם הונגער איינשלינגען,

און טאַמאַסעס געלעכטער וועט זיך צו די וועלדער אַוועק־
קייקלען,
וועט מען פון טרוקענע צווייגן אַ פייער צעלייגן,
און אין דער אומרואיקער נאַכט
וועט מען „היים זיסע היים זינגען".

# באַם ברעג

I

ווי דער גוף פון אַ היינגעגנדיקן
אונטערן נאַכטיקן ווינט,
וויגט זיך דער הונגער
אַף די פּענימער.
דער פראָסט האָט שוין די גלידער פאַרקילט
און די פאַרע קען אַפילע
די שפּיץ פינגער ניט וואַרעמען,
איז ווי לאַנג וועלן מיר זיצן
אין פראָסטיקן פאַרק?
ווי לאַנג?
ווען מען קען כאָטש פון ערגעץ האָלץ צוזאַמענשלעפּן —
וואָלט מען אַרום פייער געטאַנצט,
ווי די אינדיאַנער זייער גלויבנס טאַנץ,
ווערט מען דאָך פונם אָנגעוואָרפענעם פּאַפּיר,
אַפילע קיין פייער ניט לאָזן מאַכן.

II

צו וואָס דער פּויק?
צו וואָס די טפילע?

צו וואָס די רייד פון גאָטס זון ?
די ווערטער וועלן דאָס לייב ניט וואָרימער מאַכן,
און די מאָגנס געוויס ניט אָנפילן,
איז צו וואָס די הייליקייט ?
צו וואָס דאָס שטראָפן ?
העי, דו הינטישער זון —
מיט גאָט אַף די ליפן —
היים בעסער ברייגגען
„דאָונאַטס“ מיט קאַפע !

III

אָ, גוטער מענטש !
עפן אוף פאַר אונדז די טירן פון גאָטס הויז
פון וועלכן דו בינסט אַ שומער,
און לאָז אונדז, פון קעלט איינגעקאָרטשעטע,
אַף די ביינק פון גאָטס הויז זיך אויסציען,
דערפאַר וועסטו פאַר אונדז קענען מיספּאַלעל זיין
צו דער הייליקער יונגפרוי,
מיט וועלכער מיר קענען ניט זינדיקן.

IV

וואָס וועט זיין אַז די נאַכט וועט אָנקומען ?
און די אָנגעוואָרפענע טאָג-צייטונגען
וועלן דאָס שטעכן פון ווינט

אין די געשוואָלענע אייוורים ניט־אָפּשטעלן?
די גאַסן פאַנאַרן וועלן דאָך געווים
די גלידער ניט אָנוואַרימען,
און פון די שטאָטיקע באַנסטאַנציעס
יאָגן די שוימרים אונדז,
ווי קרעציקע הינט,
וואָלט טאַקע גוט געווען!
ווען פון ערגעץ וואָלט זיך אַ שטיין געפונען,
און די גראָבע גלאָז אַדורכגעזעצט
פון אַ וואַרימער קראָם,
און אַ ריכטער פון אַ נאַכט וואַרימען שלאָף,
וואָלט כאָטש אָף צוויי כאַדאָשים
אין בלעקוועל איילאַנד פאַרשיקט.

V

וואָס קען איך דיר געבן
דו נאַכטיקע „געשעפּטס"־טאָכטער?
אַז די קעשענעס בא מיר זיינען פּוסט.
און די קעלט האָט דאָרטן אַ היים געמאַכט,
וואו איך קען אַפילע מיינע הענט ניט אָנוואַרעמען,
און איך, ווי דו, רייס די אויגן
אין די פּוסטע ווייטענישן —
אין ערגיץ אַ אָפּרו פּלאַץ געפינען.
און וואָס צו פאַרקויפן האָב איך ניט,

דו גליקלאַכע „געשעפּטס"־טאָכטער.
איז לאָמיר בעסער אַ ווינקל אין אַ האָל געפינען,
וועלן מיר עפּשער אָן הונגער פאַרגעסן
ביז דער קומען פון טריט
וועט אונדז צעשיידן...

# FOR SALE

I

טיר און פענצטער פאַרקלאַפּט,
מיט אויסגעסטשירעטע ציין אין פּאָנעם,
מיט שטומער רעציכע אַף יעדן טראָט,
וואָס מען לאָזט לעבן טירן איבער.
ליגט די האָפנונג אַ צעקוועטשטע,
ווי אַ פייגער פון רעדער איבערגעפאָרן,
אַלע פאַבריק־הויפן זיך אויסגעוואלגערט
און אַף יעדער וואַנט
אַ שטיק אונטערטעניקייט איבערגעלאָזט.
קייקלט זיך נאָך אונטער יעדן טראָט
דער זאַטער געלעכטער פון פאַבריק טירן,
וואָס האָבן דיך, אַ צענויפגעקוועטשטן אַרויסגעוואָרפן.
איז ווי אַזוי וועט מען קענען
די טיר פון שטוב געפינען,
אַז דער הונגער האָט שוין יעדן ווינקל פאַרכאַפּט ?
און די ווייב מיט די קינדער ברענען שטיקער לייב,
וואָס דו טראָגסט אַף זיך הענט געזונטע.

II

ניט אָפּגעזעגט זיינען די הענט !
ווי דעמבעס זיינען זיי נאָך

אין קערפּער צוגעוואַקסן.
רידל און האַק קענען זיי מיט אימפּעט אופהייבן
גריבער פאַר באַנען און קוילן אויסרייסן,
און דער גוף האַלט אַף זיך אַקסלען,
וואָס זיינען ווי מויערן דעכער,
קענען זיי אייזן און שטיין אַף זיך טראָגן,
אָט פּונקט ווי די בעסטע מאַשינען
מיט וועלכע מען האָט זיך מיט אַזאַ ברייטקייט פאַרפּוצט,
איז ווי סכוירע אַ שטיק,
וואָס ליגט באַ אַ קרעמער אין אַ ווינקל פאַרוואָרפן
מיט אַ צעטל :

For sale!

וואָס מען קען פאַר אַ קופּערנע מאַטבייע קריגן,
אַזוי שטעל איך מיין אייזערנעם גוף פאַר אייך אוים.
אָט ווי מען שטעלט אַ געזונטן אָקס
אַף אַ מאַרק פאַר אַ קוינע.

III

ווי דער געשריי פון ראָבן סטאַדעס,
וואָס דערשמעקן פלייש אַ שטיק,
אַזוי שרייט אַרוים פון מיר מיין האַס,
וואָס האָט זיך אין די הונגעריקע ביינער אַריינגעשטאָכן,
ברויט און פלייש אַף פּאַליצעס
מיט כוצפּע צעלייגט,
איז וואָס וועל איך די קינדער קענען ענטפערן

וואָס אין די קראָמען ליגן קליידער וואַרעמע ?
און פון די ברייטע קראָמען פענצטער
שרייט אַרויס אַזויפיל איבערגעשטאָפּטע פרייד,
און אויף אַלע גאַסן, צו וועלכע די אָנגעשוואָלענע פיס
קענען זיך נאָך דערציען,
גיסט זיך אַרויס אַזויפיל וואַרימקייט געדיכטע,
איז וואָס וועל איך די קינדער קענען ענטוווערן ?
„גאָ דעם בעסטעטס" !



## דער פּאַיאַץ

העי, דו לאַפּאַצאַן!
היים געבן נאָך ווײַן.
דו הערסט" איך שווער דיר
זאָל איך אַזוי צו מײַנע קינדער אַ טאַטע זײַן
אַז איך קען אפילו טרינקען פון קראַן:
ווערסט זען,
אַז איך וועל נאָר אַביסל פריילאַך ווערן,
וועל איך זיך צעטאַנצן ווי צען בערן
און קונצן האָסטו מיר שוין געזען אַמאָל מאַכן?
אַז איך וויל, קען איך וואָיען ווי אַ ווינט —
און ווי אַ זשערעבטשיק לאַכן.
און דרייען זיך אָט אַזוי אין קאָן.
בילן ווי אַ הונט
און קרעכצן ווי אַ ווײַבל ווען זי גייט צו קינד.
און קרייען ווי אַ האָן:
קו־קע־רע־קו־קו!
ביסט אַליין אַ קו,
נו, גיב שוין נאָך ווײַן
וועל איך זיך שטעלן אַפן קאָפּ,
מיט די פיס אַרוף,
און גיין אַף די הענט

ווי אַ הונט אַף די הינטערשטע פיס,
און באַלד וועסטו זען ווי איך וועל זיך
דראַפּען אַף די ווענט.
אָדער, עפּשער, ווילסטו הערן
ווי אַ פּויער וויינט, ווען זיין שייער ברענט?
„אַ טאַטענקאַ מאַי“!
„באַזשע מאַי!“

— — — — — — — — — — —

אַז איך וועל זיך נאָר אַזוי גוט אָנטרינקען
און וועל שוין אָנפאַנגען מיד ווערן
ווייסטו פון וואָס איך וואָלט געוועזן אַ באַלן צו קלערן?
האָסטו געזען אַמאָל ווי אַ העלפאַנד גייט,
אַזוי וואָלט איך זיך מיר צעלייגט אין דער ברייט
און וואָלט פאַרמאַכט האַלב די אויגן,
אָט פּונקט ווי אַ פרוי ווען זי קושט.
און אַ כאָלעם געטאָן פון שיינע נאַקעטע פרויען,
וואָס טאַנצן אַרום מיר אַ באַלעט,
און ווי שטייפע גומע, ציען זיך זייערע גלידער
און בויגן, און רופן,
אָ, ווען איך וואָלט נאָר ניט געוועזן קיין מידער,
וואָלט איך איינע פון דער זייט
אַ שלעפּ געטאָן
און וואָלט זיך מיט אירע האָר אַרומגעוויקלט
און דורך די ציין וואָלט איך געזייט:
„טאָכטער, גלעט, טאָכטער, גלעט!“

נאָר אַזוי ווי דאָס קען דאָך ניט טרעפן
איז גיב כאַטש ווײַן וואָס זאָל רייצן.
און איך וועל דערוויַיל אָנטאָן אַ רויטן קאַשקעט
און אַרויסשטעלן דעם צונג אָט אַזוי:
— בע — בע — בע!
נו, וואָס שווײַגסטו?
לאַפּאַצאַן, לאַפּאַצאַן,
היים שוין געבן נאָך ווײַן!...
אַ רויך אין דיַין טאַטן אַריַין.

# ס׳ליד פון קיניק סאמאפאָן

I

האָסטו פאַרנומען דעם געלעכטער
פון די שאָטנס וואָס טאַנצן
באַ מיר אַף די ווענט?
האָסטו פאַרנומען דעם טרויער
פון מיינע עלנדע נעכט
ווען איך לויף איבער די גאַסן,
ווי פון וועלף געיאָגט?
אָ, ס׳קען זיין, ווען מיין טרויער,
מיין געשוואָלענער טרויער,
צערייסט מיין לייב
מיט זיינע שפּיציקע ציין,
ברענט אויף אין דיר דיין פרייד!
טאַנצטו אוים מיט געזאַנג
דיין גרויסן לוסט טאַנץ,
און טאַקע דאַמאָלסט
אין מיין שטעכיקן וויי,
הער איך דעם געלעכטער
פון דיינע פריידיקע נעכט.

II

איך האָב נאָך קיינמאָל פאַר קיינעם
מיין קאָפּ ניט געבויגן!
ס'האָט נאָך קיינער זיינע נעגל
אין מיין האַלדז ניט איינגעגראָבן,
אַפילע דאַמאָלסט, ווען איך האָב
מיט נאַקעטע פיס די פּריירעס
פון אַמעריקע אויסגעטראָטן,
מיט געשוואָלענעם הונגער
אין מיין הוילן לייב.
מיט דורשט פאַרברענטע גלידער
פלעג איך מיינע גאָרילאַ אַקסלען,
ווי אַ לייב אויסגלייכן,
און מיט געזאַנג טאַנצן
אויף די שטעכיקע וועגן
פון די אַמעריקאַנער פּריירעס.
און היינט שטיי איך דאָ,
מיט אַ זאַטן גוף,
מיט באַקן פלייִשיקע,
מיט אַ גאָרילאַ פּנים,
דער קאָפּ אַ געבויגענער,
מיט בלייאיקן ווייַ
אין מיינע בולבע אויגן.

III

װעסטו נאָך אַמאָל לאַכן?
אָ, װעסטו נאָך אַמאָל לאַכן?
װי מעסערס שנײדט זיך אַרײַן
דײַן געלעכטער אין מײַן לײַב!
און װעט טרעפֿן אַמאָל,
װען דײַן געלעכטער װעט מיר
װי פֿײַכטע בײַטשן
מײַן לײַב אַרומװיקלען,
װעל איך מײַנע נעגל
אין דײַן האַלדז אַרײַנשטעכן,
און װעל דיר פֿרעגן:
װעסטו נאָך אַמאָל לאַכן?
אָ, װעסטו נאָך אַמאָל לאַכן?

IV

װען איך דערמאָן זיך,
אַז אין ערגעץ לעבט
מײַן אײגענער לעבן
נאָך ניט קײן אױסגעװאַקסענער,
און װען איך דערפֿיל
אױף מײַנע ברײטע אַקסלען,
די פֿײַערדיקע סינע
פֿון מײַן אײגן בלוט,

ווייל איך דאַמאָלסט
מיין אייגענעם קאָפּ צעשמעטערן
און זאָל מיין בלוט פאַרגעסן ווערן.

V

האָסטו געזען ווען איך ווער פריידיק
פון געטראַנקען ביטערע?
ווי אַ פליג שפּאַציר איך דאַמאָלסט
אַף גלאַטע ווענט!
און אַלץ אין מיר ווערט אַזוי צעריסן,
אַז אַף יעדן טישל איז דאָ
אַ שטיק פרייד מיינע:
און ווען איך דערפיל נאָך אַף מיר
מיין אייגענע העמד,
ווייל איך יעדן אַ שלייער פאַרטיילן,
צו טאַנצן פאַר מיר, דעם קיניק סאַמאַפאַן,
דעם טאַנץ פון מיין פרייד!

איך באַפעל דאַמאָלסט!
און אויב די פּאָדלאָגע
איז ווי שפּיגלען קלאָרע,
זעץ איך זיך אין אַ רינשטאָק אַוועק
און זינג מיין ליד,
ס׳ליד פון מיין פריידיקן צאַר.

כאָ, כאָ, כאָ! לאַך איך אָט אַזוי,
מיט מיין שיקערן געשריי.
ביים איך מיט די ציין,
לאַך איך ווען איך וויין.
איז וואָס זשע אַרט מיר וואָס ס'וועט זיין,
כאָ, כאָ, כאָ, גיט מיר בעסער נאָך וויין!

וועל איך זיך זעצן אויף דער ערד
און אַ פּאַק טאָן מיט מיין שווערד
און וועל קרייען ווי אַ האָן:
כאָ־כאָ, דאָס בין איך דער קיניק סאַמאַפּאָן!

אָ יאָ, דער קיניק סאַמאַפּאָן!
אָ יאָ, דער קיניק סאַמאַפּאָן!
איז וואָס פאַרבאַלט איר דאָרט מיין טראָן?
איז וואָס פאַרבאַלט איר דאָרט מיין טראָן?

ניטאָ מיין טראָן, ניטאָ מיין טראָן!
קריי איך ווייטער ווי אַ האָן.
איז הייסט עס גאָר מיט אַלץ שוין אויס!
כאָ־כאָ, שטעק איך אייך מיין צונג אַרויס.

איז וואָס זשע וועל איך ווייטער טאָן?
איז וואָס־זשע וועל איך ווייטער טאָן?
ווען מען אַרט עס, איך בין קיניק סאַמאַפּאָן
און ווייטער גייט מיר גאָרניט אָן!

כאַ, כאַ, כאַ! דאָס לאַך איך אַזוי ווען איך וויין!
בלייב איך שוין דאָ מיט מיין עלנד אַליין.
טאַנצט דער טרויער אַף די ווענט,
קלאַפּ איך שטאַרקער מיט די הענט.

און איך שריי: גיט מיר וויין!
ווען ערט עס וואָס ס׳וועט זיין?
מיט מיין גרויסן וויי,
וועל איך שוין בלייבן אַט אַזוי.

אַט אַזוי, אַט אַזוי אַליין,
וועל איך ווי אַ הונט אויסגיין,
טאַקע אַט דאָ.
כאַ־כאַ, מיין פליייש וועט פּיקן אַ שוואַרצע קראָ!

טאַקע אַט דאָ, טאַקע אַט דאָ,
ווייב און קינדער שוין לאַנג ניטאָ!
איז נעם זיך אָן מיט גיפט און מוט,
דאָס לאַכט פון דיר דיין אייגן בלוט.

כאַ, כאַ, כאַ, דו גרויסער קיניק סאַמאַפּאַן!
דאָס קומט אַ שוואַרצער רייטער אָן.
דו הערסט פון וויטן שוין דעם ברום?
דאָס איז די קלאָלע פון דיין אייגן זון.

איז צעריים אויף דיר דיין קיניק העמד
ווייל דיין זון, ער איז דיר פרעמד,

און לאָז זיך שוין גלייך אַוועק
איבער יענעם ברייטן וועג.

און קלאַפּ אין פרעמדע טירן אָן.
און שריי: דאָס איז דער קיניק סאַמאפאן,
וואָס האַלט אין האַנט די קלאָלע רוט
פון זיין פאַרשאָלטן אייגן בלוט!

כאָ, כאָ, דאָס לאַך איך מיט געוויין!
איז לאָזט מיר בלייבן דאָ אַליין,
טאַקע אָט דאָ.
ס'קומט באַלד אָן די שוואַרצע קראָ.

איז סאַמאפאן שוין מיד,
איז שוין געשוואָלן יעדער גליד,
איז קום, איך בעט דיר, קום אראָפּ,
נעם צעשמעטער מיר מיין קאָפּ!

## באָם צו באָם

ניט דאָס פֿאַרדריסט
וואָס מען מוז זיך נאָכן עק פֿון שטאָט נאָכשלעפּן:
און ניט דאָס רירט אָן
אונדזערע ניט אויסגעאיידלטע געפֿילן
וואָס מען וואַרט הונגעריקע
פֿאַר אונדזערע לאפּעטע הענט,
ווייל ס׳איז נאָך דאָ גענוג פֿעלד
ניט קיין איינגעשלונגענע,
וואָס ביינקען נאָך אונדזערע באָרוועסע טריט,
און זאָל נאָר די זון אַ צערויטע אַרויסשפּרינגען,
וועלן מיר מיט געלעכטער באַשיטן
די מיט פֿאַלשקייט צעפּרעסענע שטאָט;
נאָר אָט דער אומעט וואָס באַזעצט זיך
אַ איינגעשלאָסענער אין די ביינער,
און דערלאָזט ניט די נעכט
אויסגעמאַטערטע אַוועקפֿאַלן,
ווייל וואָס וועלן אונדזערע קענען טאָן,
אַז אַלע פֿרויען וועלן פֿאַר זייער צניעס
נאָר מיט פֿאַרשטונקענעם גאָלד זיך הייסן באַפּוצן?
מיר וואָלטן דאָך פֿון דעם אייגענעם אָטעם דערשטיקט געוואָרן,
איז גוט כאָטש דער צעלאַסטשעטער טרייסט,

אז פעלדער באדעקן זיך מיט צעוויגטע גראזן,
און פון לייבער פראָסטע שמעקט מיט רויע גרינקייט:
ווייל נאָך אַלעמען איז דאָך דער ראָזעווער צאַר אַ בייזער
אַפילע פון צעקנייטשטן „דזשענטלמאַן“,
וואָס קען נאָר פאַר זיין גאָלד
ניט מער ווי אַף איינמאָל פאַר זיך איינע אויסקלייבן,
און אין אלע פאלאצן,
און אונטער אַלעמענס קינע געבויגענע אויגן
קען ער ניט מער ווי אין איין פאָר הויזן זיך באַווייזן,
אָבער מיר, פון פארשפארטקייט אַרויסגערונענע
וואָס האָבן די זאָרג אַפן פאָנעם פון שטאָט צוגעשפּיליעט,
היינגען אונדזערע שטיוול זיך טריקענען
אַף דער לעוואנע,
און אין פאסקודנעם וויין
באָדן מיר די נעזער,
שטעכן מיר די זון אוף אַף די שפּיצן
פון העפקיירעס,
און זופן גאנצע עמערס הימל
פון קרוינערנע קאפאלן,
און אויב דער הונגער ווערט אין די גלידער אָנגעשוואָלן,
דאמאָלסט קוועלט די ערד מיט פרייד
פון אונדזער זארגלאָזער שירע,
און די בלעטער פאטשן אוים
די באַפעטע ביינקשאַפט
פון די וואָס דרייען זיך ארום אין שטאָט
מיט קעלבערנער טעמפּקייט,

דאַמאָלסט ערשט צעטאַנצן מיר
די אופגעשפּילטע ווילדקייט,
ווי פערד צעלאָזענע אין די טיפע פּריירעס,
ווייל וואָס זשע קען אונדז אַרן
אז אין די הויזן פעלן קנעפּלאך
און אַז מיר וואַשן די פענימער
מיטן טוי פון קאָרנדיקן ברויט;
מיר וועלן דאָך זיך ניט כאָרכלען צוזאמען
מיט די, וואָס צעקוועטשן זייערע טעג,
און וואַרפן זיי פאַרגעלטע
אונטער זייערע צעריסענע טריט;
מיר וועלן דאָך ניט צופּאַסן
אַזאַ צעצונדענע פרייד
וואָס זומערט אין די ביינער
מיט אופגעשפּילטן ברען,
איז פאַר אונדז די וועגן אויסגעברייט,
זאָל נאָר דער ווינטער אַרונטערוואַרפן זיין קלייד.

## קינדער מיינע

קינדער מיינע
זין דריי
טיילן פון מיר!!
מיין בלוט אין אייערע אָדערן,
און ווי אין שפּיגלען
זע איך זיך דורך אייך!
קינדער מיינע
זין דריי
טיילן פון מיר,
מיינע פרעמדע
ווען איך קוק אַף אייך!
מיין שרעק — מיט דער גרויס
פון אייער וואוקס,
ווייל מיט אייך דער וואוקס
פון שפּעטערדיקע סינע צו מיר,
דורכן ברויט וואָס איר עסט
פון מיינע צעמאַזאָליעטע הענט
וואַקסט איר דאָך
און מיט אייך
אַ אָנגערייצטער גיפט
צו מיר!

מיין אייגן בלוט
מיין ניט אייגענע,
וואָס שפּילט זיך נאָך איצטער אין מיסט
און מיט אייער געלעכטער
דעם שפּילעוודיקן
פון צעדרייטן איטאַליענער
וואָס שפּילט גאַסנמוזיק
אַף זיין קאַטערינקע,
און דער געלעכטער
דערפאַרטער,
דער אויסגעוואַקסענער
שפּעטער צו מיר,
צו מיין צעדרייטן קערפּער
פון פאַבריק
פון וועלכן איר האָט
אייער געלעכטער אויסגעפּאשעט,
מיינע קינדער,
מיינע פרעמדע!
מיין גרויסער שרעק פון שפּעטער
זין מיינע דריי!

## ווי אַזוי

איז אַ שוואַרצע קאַץ
מיר דעם וועג איבערגעלאָפן,
וויי איז מיר!
איז ווי אַזוי וועט איצטער קענען יאָסל
רואיק שלאָפן
באַם שוועל פון זיין טיר
אין זיין געענעמדיקער הויז,
וואו ס'איז דערשטיקט געוואָרן
זיין האָפן,
ווי אין אַ פּאַסטקע אַ מויז,
וויי איז מיר!
האָסט געדאַרפט כאָטש אויסשפּייען אַפן זעלבן פּלאַץ
וואו סאיז דיר איבערגעלאָפן די שוואַרצע קאַץ
אַזוי ווי אַ פרומער איד פאַר אַ ציילאָם
ווען ער גייט פאַרביי,
בינסטו גאָר ווי אַ גיילאָם
אַנטלאָפן אין שרעק
וויי איז מיר!
צוריק אין דיין געענעמדיקער הויז
און אַזוי וועסטו שוין אָן אַ עק
ניט קענען בלייבן רואיק ליגן באַם שוועל פון דיין טיר.

נאָר לויפן אַליין ווייטער מיט שרעק,
דערפאַר, ווייל אַ שוואַרצע קאַץ
איז דיר איבערגעלאָפן דיין וועג,
ווי איז מיר!

## װעמענס בין איך

װעמענס בין איך
מיט מײן איך דעם צװײטײליקן ?
צי דאָ — אין דעם בראַזגעדיקן רױש
אָדער דאָרטן אין דער אױסגעלײגטער שטילקײט
אין דער פֿרומער װײסקײט
פֿון מײן קלײן ליטװיש שטעטל ?
מײן איך, מײן צװײטײליקער,
מײן האַלב העלפֿטיקע פֿרעמדקײט צו בײדן,
מײן גרױסע אױסגעװײטאָקטע בײנקשאַפֿט
צו דער שטאַנדיקער זעאונג
פֿון דער שטעטלשער בלאָטיקײט,
אין װעלכער איך האָב אַ העלפֿט פֿון מײן איצטיקײט
זיך אױסגעקײקלט,
און מיט מײן זאָרגלאָזיקײט די שטילקײט צערודערט,
און פֿרעמד קוק איך זיך צו
צו דער שטאַנדיקער פֿאַרבײלױפֿונג
פֿון מײן האַלבער איצטיקײט
אין דעם קלײנעם שטעטל.
װעמענס בין איך — מיט מײן איך דעם צװײטײליקן ?
צי דאָ אין מײן איצטיקײט
פֿון טעג ניט דערעסענע,

נעכט, ניט דערשלאָפֿענע,
מיט מיינע שאָען די האָפֿנדע
וואָס זיינען פֿאַרשריען געוואָרן אין דער בראַזגעריי
פֿון דעם שפּרינגנדן רויש
אַף די גלאַנציקע גאַסן פֿון דער גרויסשטאָטיקייט,
און ווייטאָקדיק קוק איך זיך צו
צו דער ביינערדיקער שאָטנדיקייט פֿון איצטער.
מיין איך, מיין צווייטיילִיקער
מיינע ביידע פֿרעמדע,
וועמעס בין איך?!

## מוישע לייב

דורך דיר, מוישע לייב, מיין ווילדע פרייד —
מיין שפּילעוודיקע פרייד, וואָס טאַנצט אין יעדן אייווער
פון מיין מידן קערפּער.
דורך די גאַסן, די שמוציקע,
אין וועלכע איך בין איינגעשלאָסן
טאַנץ איך מיט דער פרייד;
איבער די אָנגעוואָרפענע שמאַטעס,
אין די ווינקלען פון מיין פאַבריק
אין וועלכן מיין קערפּער איז מיד געוואָרן,
טאַנץ איך מיט דיר, מיין מוישע לייב!
דיין בלוט, דיין רויט בלוט,
וואָס גיסט זיך אין מיר כוואַליעס שטראָמיק
מיט דיין ליבע פאַרבלאָיקייט,
מיט דיין העלער פריידיקייט,
פאַרטראָגט מיר,
פון מיין לעבן — מיין אָנגעכמורעטן — מיין סאַזשע לעבן,
צו דיין ליכטיקער בלאָיקייט.
דיין אומרואיק בלוט — אין מיר, מיט מיר —
דאָס בין איך!
דיין טויזנט יאָריקע פאַרביטערונג,
דיין שניידנדער אָפּלאַך,

דיין קלאָלע,
דאָס איז אין מיר —
דאָס בין איך!
און איך שפּרינג מיט דעם איבער דער בלאָטיקייט
און שריי:
דאָס טאַנצט מוישע לייב מיט מיר —
איך מיט אים!

## מיט זיך

I

וויפל נעכט שלאָפלאָזע
האָבן זיך מיט מיינע אויגן געזעגנט,
וויפל טעג האָבן די שארפקייט
פון מיין אומרו געטראָגן,
ווי כוואַליעס דורכגעשטופּטע.
אַף יאַם ברעגן,
שפּארט זיך מיין ווילדקייט
איבער טורעם קעפּ,
צעפּאַך איך זיך ווי ווינטן
אַף פּריירע גראָזן,
און מיט שיפן אופגעבלאָזענע
אַף אויסגעצויגענע יאם העלדזער
דרייט זיך שווינדלדיק מיין ווילדקייט אוים,
איז פּאַרוואָס האָט מען מיר
אין דער גרויסער שטאט איינגעקוועטשט?
איז פאר וואָס האָט מען מיינע פים
צו די זעלבע וועגן צוגעוואוינט?
וואָס האָט מען מיט מיר געטאָן!
ווייב און קינדער אפן גוף צוגעשמידט,

שלעפּ איך די פּיס ווי אַ קראַנקער
וואָס האָט ערשט די בעט פאַרלאָזן,
סינע האָט מען אין מיין אָטעם אנגערייצט
שאַרף איך די אויגן,
ווי אַ איינגעשפּאַרטער אַף טפּיסע ווענט.
ווייל אַדורכשניידן וויל איך
פון ערגעצן אַ וועג,
און די טיר פון דער אייגענער שטוב פאַרגעסן,
און די טריט הינטער מיר זאָל אָפּגעווישט ווערן,
ווי ס'וועט אָפּגעווישט ווערן מיין נאָמען.
פאַר מענטשן פרעמדע
און לענדער ווייטע,
וואו איך וואָלט זיך געוואָלט איבערטראָגן,
ווי א ציגיינער וואָס טרויט די פעלדער
זיין נעכטן און זיין מאָרגן.

II

אָ, ניט מיט דראָטן
קען מען מיין אומרו בינדן!
גיס איך צאָרן וואו איך קען,
שפּאַר איך פינגער שטעכיקע
פון פּראָצע אויסגעשאַרפט,
שפּרינגט אַרויס מיין בייַנקשאַפט
איבער די גרענעצן פון שטאָט,
איז מיט זשמעניעס געלעכטער צעקרימטן

פאַרזײַ איך אַלע גאַסן,
ווײַל ניט קיין היים זוך איך,
און ניט קיין געבאָטן ווײַל איך,
אַז מען זאָל אַף מײַנע האָר צובינדן,
איז ווײַט פון מיר מײַן טאַטע מאַמע,
וועלכע איך האָב שוין לאַנג פאַר בײַנקשאַפט אויסגע־
ביטן.
ווײַל איך אַז קיין זאַך זאָל אײגן מיר ניט ווערן,
ווי ס׳זײַנען ניט אייגן מײַנע יאָרן
וואָס איך האָב פאַבריקן אָפּגעגעבן,
איז ניט מיט געבעט ווײַל איך
די ווײַטערדיקע יאָרן דערטראָגן;
ווײַל גאָט האָב איך שוין לאַנג
צוריק אין מידבאָר געשיקט.

III

ניט ליב האָב איך די גרויסע שטאָט,
אָבער ניט נאָענט איז מיר אויך די שטעטל,
און וואו מײַנע אויגן וועלן זיך דערטראָגן
וועט אַלץ נאָך ווײַטער וועג רופן,
ווײַל שרעק פאַר מענטשן בין איך
ווי איך וואָלט מיט קרעץ געווען אויסגעשלאָגן,
שלײדערן זײ בײזקײט
אַף יעדן טראָט מײַנעם!
ווײַל שטעכיק פאַר זײ

זײַנען נאָך מײַנע װעגן,
שפּאַרן זײ גיפטיקע שפּיזן
אין דעם אָטעם װאָס מײַנע לונגען זופּן,
טאַנצן זײ אַרום מיר
װי אינדיאַנער אַרום אַ פײַער קאָרבן.

IV

װער טראָגט מײַן בײַנקשאַפט אַ צע[illegible]אַכטע צו מיר?
װער שפּרײט דען מײַן טרויער פֿון מויערן װענט אַראָפּ?
ניט גאַנץ אין מיר איז נאָך מײַן לעבן
װי ס'איז ניט גאַנץ דער טאָג פֿון אָנזאָג,
איז נאָך מײַן צאַר אַ ניטדערגאַנגענער,
איז נאָך מײַן װײ אַ ניטדערפֿירטער,
און װאָס איז מיר דאָ געבליבן?
פֿינגער פֿון אַרבעט אָנגעשװאָלן,
מיט האָר װאָס גראָקײַט בײַסט שױן אײַן,
װערן מײַנע אויסיעם מיט בײזקײַט אײַנגעקלעפּט,
פּאַטש איך אין געלעכטער מיט צײן אַרױסגעשטעקט,
איז מײַן פּאָנעם דאָך ניט שײן:
איז מײַן גוף װי פֿון אַ שנײ מענטש,
האָב איך אויגן, אויגן אַזעלכע
װאָס צינדן זיך מיט אומעט,
האָב איך אויגן — אויגן אַזעלכע
װאָס דערװײַזן שױן מײַן װעג.

## V

בלאָנד זיינען מיינע האר,
און קאָכיק איז מיין בלוט,
וויקל איך ווי א שטורעם
אַלץ אַף מיין אייגנן וועג.
טראָג איך ניט קיין שמייכל
אַף אַ טעצל אויסגעפּוצט,
ברייננ איך ניט קיין גליק
פון פּאָליצעס אָפּגעשטויבט,
לויפט מיר נאָך דער צאר
פון דער מאמעס גרויער קאָפּ,
פאַרוואס איך האָב דעם נאָמען
פון איר זיידן:
יאָסל טשערעבוך פאַרפלעקט,
ווייל, ווי אַ אויסגעשמירטער הינטל
לויף איך נאָך אַלץ
וואָס רופט זיך פרויען אָן,
און ווייב און קינדער לאָז איך איבער
צו די בידנע פיר ווענט,
ווייל איך מיין אייגן געביין ניט שילטן,
ווייל אַ טייל בין איך
פון היינטיקן דאָר,
וואָס ציט די הויט ווי אַ שנור,
פון אַטאָמאַט ביזן שענק.
פון דער בויערי ביז בראָדוויי.

IV

בראָדוויי, אַ בראָדוויי!
מיינע זינד האָב איך געבראכט
ווי אַ רעגן טראָפּן
צו דיין גרויסן בלאָטע קאסטן,
פאַרדרייסטו פון מיר דיין אָדערדיקע נאָז.
ווייל מיט הוילע פּיס מעסט איך
אַלע זומפּן דיינע,
און ווי אַ פאָן טראָג איך מיין אומרו
איבער דיין קאָפּ אַ אופגעהייבענע:
איז ניט מיין גוף בויג איך
פאַר דיינע פאַלשע פייערן,
ווייל דורך דיינע געדערים טראָג איך
מיין קאמף אַ אויסגעפורמטן,
צו דעם גרויסן וועג
וואו מיינע פּיס שניידן זיך.

## דאָרטן

אַף די גאַסן, וואו מענטש און בלאָטע
מישן זיך צוזאַמען,
קנייליק צוזאַמען,
דאָרטן, וואו לעם מויערן צעוואַקסענע
ווי סטראַשידלעם די הענט אויסגעשפּרייטע,
זעצן זיך מענטשן אַרום
פון אַ טאָג אין שוויים אויסגעקנאָטן,
מיט ברוסטן הוילע
צו די בלאָטעס פון די גאַסן,
מישט זיך צוזאַמען פרויען און קינדערגעלעכטער,
טאַנצט די פרייד אַרוים
פון די פאַרמאַטערטע גלידער,
אַזאַ ברייטע פרייד,
אַזאַ נאַקעטע פרייד,
איז פאַרוואָס מיין אומעט אַזאַ שאַרפער?
איז פאַר וואָס מיין אומעט אַזאַ אומרואיקער?

פרייד איז דאָך אין ערגעץ דאָ,
ווייל פרייד אפילע באַ מיר,
און די ווייב אויך אַמאָל אַ פריידיקע
באַם אָרימען טיש,

און אַמאָל עפּשער מיט פריידיקער דערוואַרטונג מיין
קומען
צום אָרימען טיש,
און די קינדער מיט צעשפּילטן פרייד
פון אַ טאָג שפּיל,
פריידיק אַרום מיר,
און איך מיט מיין פרייד
וואָס וויינט אַרוים פון מיר,
אַזוי עלנט צעשפּרייט;
און איך מיט מיין פרייד
אַזוי אומעטיק אַליין.

# מיין בלוט די אומרואיקע

I

ווער האָט פאַרנומען דעם ברום
פון מיין האַרץ די בלוטיקע,
וואָס וואָיעט אַרוים פון מיר
ווי דער ווילדער קאָל
פון וואָלף דעם הונגעריקן?
ווער האָט פאַרנומען דעם וויי
פון מיין בלוט די אומרואיקע,
וואָס יאָגט מיר אַרוים
איבער די גאסן פון שטאָט
ווי אַ היימלאָזן הונט?
מיט אויגן ברייט אָפענע
אין דער צעלייגטער נאַכט פוסטקייט,
מיט פיס וואָס טראָגן זיך
צו אַ ערגעץ אַ ווייטן
מיט הענט ווי בייטשן צעפאכטע.

העי, העי!
דאָס טראָג איך זיך, יאָסל,
מיט מיין בלוט די אומרואיקע

איבער די גאַסן פון שטאָט,
דאָס טאַנץ איך דאָס אויס,
דעם ווילדן טאַנץ
אין דער פוסטער נאַכט,
מיט מיין בלוטיקער ביינקשאַפט,
וואָס האָט זיך אין לייב
ווי אַ שלאַנג איינגעביסן.

II

וואו, ברודער מיינער,
וועלן מיר די פיס אונדזערע אָפּשטעלן?
וואו ברודער מיינער,
וועלן מיר די גלידער אונדזערע אויסרוען?
ווייב און קינדער צו זיך אַליין פאַרלאָזט,
מיט קלאָלעס נאָכגעשיקטע
אַף אונדזער וועג דעם לאנגן,
וועלן מיר דען צו יאָם ברעגן דערגיין?
וועלן אונדז דען שיפן צו לענדער ווייטע דערפירן? . .
אָדער מיר וועלן זיך מיט אונדזערע געשוואָלענע פיס,
אַליין איבער ברייטע וועגן שלעפּן
און אין פרעמדע טירן קלאַפּן,
אַ שטיקל ברויט מיט וואסער בעטן.

III

וועמעס אומרואיק בלוט
האָט מען יאָסל אַ נאָמען געגעבן?

צי מײַן טאַטנס, װאָס האָט אין די מיסט פֿון פֿאַבריקן
זײַנע לונגען אויסגעהוסט ?
צי מײַן מאַמעס, װאָס האָט אין די הונגעריקע טעג
איר לעבן אויסגעװײנט ?
און מײַנע קינדער, װאָס טראָגן אין זיך
מײַן פֿאַרשאָלטן בלוט,
װעלן סאָם אין זײערע לײַבער אַרײַנציִען,
און אַ קללה אויף די פֿײערדיקע ליפּן
װעלן זײ צו מײַן בלוט די פֿאַרדאַמטע טראָגן !

## אין טעג אַזעלכע

I

נישטיקע אכט און צוואנציק יאָר מיינע,
ווי אויסגעטריקנטע לעדער שטיקלאך
שלעפּן זיי זיך מיר נאָך,
ווייל איך זיי אפילע ניט דערמאָנען
ווען זיי זיינען נאָך יונגע אַרומגעשפּרונגען,
אין ערגעצן אין אַ בלאָטיקער שטעטל.
ווייל וואָס וועט שוין זיין אַז איך וועל
מיין איצטיקע שווערקייט צוראַיען?
גאָר ניט האָב איך געהאַט,
און גאָרניט איז מיר איבערגעבליבן:
ניט איבערגעלאָזן האָב איך דאָרטן עפּעס
נאָך וועלכע איך זאָל אויסגעביינקטע נעכט אַרויסוואַרפן
און ניט דאָ האָב איך אַזעלכעס,
צו וועלכע איך זאָל קענען זיכערע מינוטן צוקלעפּן,
אַפילע קיין שפּאַן ערד איז ניט מיינס,
אַפילע דער אויסגעפּלאַצטער טאָג איז אַ פרעמדער,
אַרויסרייסן מוז איך עטלאַכע בידנע מינוטן
מיין אייגענעם פּאָנעם צו דערקענען,
מיין אייגענעם ווי צו פאַרשטילן:

איז דערפילן ווילט זיך דאמאָלסט די גלידער
צו זיינען נאָך הענט און פיס געבליבן
וועלכע איך מוז אויסגעוויינטע אַדעווען
קעדיי צו ווערן פון מאָרגן איינגעשלונגען,
בין איך עפקער — עפקער ווי שמוץ אויסגעראמטע,
קיינער איז ניט מיינער, און איך בין ניט עמיצנס,
טאַטע־מאמע האָבן שוין לאנג נאָך מיר
זיבן טעג בייגל מיט אש געגעסן,
און מיט צעריסענע לאַצן
האָבן זיי שוין לאנג מיין נאָמען פון זייער בלוט
אויסגעמעקט:
פאַר דער ווייב בין איך נאָר אַ געדעכעניש
פון הונגער טעג געבליבן,
און די קינדער מיט פאַרשעמטן שרעק,
פאַרקרימען אין צעבייזטן שוים
מיין שייכעס צו זיי.

II

שילטן וויל איך מיט קישעף־קלאָלעם
פון אופגעקאָרטשעטע מאַכעשייפעס.
מיין פאַרבינדונג מיט די וואָס קרויווים מיינע רופן זיך,
און פיינט האָב איך דעם שטאָם
פון וועלכן איך קום אַרויס,
מיט אופגעביילטער סינע,
מייד איך אוים זייערע צייכן טריט,

און דאָך זיצט אין מיר
אַ פאַרוואַלגערטע איבערבלייבאַכץ,
פון זייערע צעווייקטע דוירעס;
אַנטלויפן וועל איך פון זיי
ווי פון אַ שטייענדיקן וואסער
וואָס איז שוין מיט מאָך באַדעקט,
אָבער ס׳שטעכן נאָך מיין פּאָנעם
פּייעס איבערגעקליבענע,
און ווי דרעטלאך פארזשאווערטע
שלעפּט זיך מיר נאָך
ציצעס פאַרגעלטע,
וואָס זיי האָבן פון דוירעס ביז מיר אויסגעפלאָכטן,
און נאָך ניט אויסגעפלאצט איז אין מיר
די גיפטיקע ביטערקייט וואָס איך טראָג,
און נאָך ניט דערגאנצט איז אין מיר
מיינע אייגענע טואונגען,
ווייל אין ערגעצן ווייט איז נאָך דאָ
אַ בלאָטיק שטעטל
וואו א נאָך לעבעדיקער זיידע
איז מעכאַדיש די לעוואָנע:
פאַרשאָלטן זאָל עס ווערן!

III

די צייט האָט אונדז געבראכט דאָ
די שטאָט האָט אונדז פאַרבונדן,

דרייען מיר זיך אַרום,
איך מיט מוישע לייבן:
ווי זייד פון ציטערדיקע הענט געוועבט
איז מוישע לייב,
און איך, ווי אַ גרילץ אַ אָפּגעריסענער
וואָס האָט נאָך זיין אָטעם ניט אויסגעלאָזט.
ניי־יאָר איז דאמאָלסט:
בראָדוויי באָדט זיך נאקעט,
און טאנצט מיט טעמפּן געלעכטער
אין איר אייגענעם אונטערגאנג אריין,
ווערט די באַוערי אונדזער שפּאַציר גאַס,
שפּרינגט אַרוים אַ אופגעקנוילטער ווילן:
לאָמיר גיין מוישע לייב, אין ערגעצן אין אַ קעלער־
שיינק,
מיט „מונשיין" זיך אָנטרינקען,
ווייל פאר גוטן בראנפן האָבן מיר ביידע ניט די געלט,
וועלן מיר קענען ווילד ווערן
און זיך איבער גאסן טראָגן.
שויבן פעטע מיט די אייגענע הענט אויסברעכן,
און אף ווענט זאָל שטענדיקע צייכנס
פון אונדזער אומרואיק בלוט זיך איינעסן,
מיט קעץ איבער הויפן זיך יאָגן
ווי קינדער פארשייטע,
און הענט אף אַקסלען אַרופגעלייגט
וועלן מיר ווי אונדזער צאר זיך וויגן,
און מיט געזאנגען ברייטע, שטאַרקע

דעם געשריי פון באנען איבעריאָגן.

— — — — — — — — — — — —

זיצן מיר אין אַ קאַפע הויז
מיט צוויי שיינע דאמען לעבן אונדז,
ווייסן זיי אז מיר האָבן ווייבער,
ריידן זיי פון ליטעראטור און פּאָליטיק,
און מיר זופן די קאווע !
זופן די קאווע !

# אַמאָל

I

אַמאָל, ווען איך דערזע אַרום זיך
אָט די, וואָס אָטעמען מיט מיין גיפּטיקן האַס,
די אויסגעבלוטיקטע קינדער מיינע,
ווילט זיך מיר גאָרניט גלויבן
אַז דאָס איז טיילן פון מיר,
אין דער עלנדער וועלט.
אַז דאָס לעבט אויף מיט זיי
מיינע ניט דערלעבטע יאָרן,
צו דערטראָגן מיין גרויסן וויי
אויף זייערע אייזערנע אַקסלען,
און מיט זייערע שאַרפע ציין
אין דער וועלט, מיינע אוועקגעגאַנגענע יאָרן אַריינבייסן

II

די קלאָלע אין מיינע בלוטן
טראָגט זיך נאָך מיט מיר
פון מיין ליטוויש שטעטל,
וואו מיין לעבן האָט זיך דערזען.

און מיין זיידע מיט זיינע קלוגע אויגן,
און מיטן גרויסן טרויער
אף זיין גרויער באָרד,
וואָס פלעגט מיט די נעגל קוים
אַ שטיקל טרוקענע ברויט
פאַר ווייב און קינדער אַרויסרייסן,
שרייט ארוים צו מיר
פון דעם שטעטלשן בייסאַלמען,
וואו מען האָט אים באַגראָבן
פון הונגער א אויסגעגאנגענעם,
און די צעריסענע גלידער
פון מיין פעטער מייער,
וואָס האָט זיך געוואַלגערט
אף די גאסן פון ביאַליסטאָק
ווי צעוואָרפענע בלאָטע,
און זיין אויסגעגאנגענער לעבן
אין גיפטיקן האס צו די
וואָס האָבן מענטשן געפייניקט,
גייט אוף אין מיר!
לעבט אוף אף מיין גרויער קאָפּ
זיין לעבן דער ניט דערלעבטער,
רופט אין מיר זיין פאַרגאָסענע בלוט!

## הײם מײַנע

הײם מײַנע דאָרטן באַרג אַראָפּ,
וואו שלאָפט איצטער דײַן פלאַכע ערד?
וואו גרינט איצטער דײַן טאָליקער טראָט?
דײַנע וועלדער שטײען דאָך שוין דאָרטן פון לאַנג,
מיט הוילע קעפּ פאַרשעמט,
דײַנע פעלדער ליגן דאָך שוין פון לאַנג
מיט פאַרטריקנטע בריסט,
אַ וואָך אַ גאַנצע האָט פעטער רעגן
זיך געגאָסן,
און ניט באַזאָפט איז נאָך געוואָרן
דײַן פאַרגעלטע הויט.
ניט אָנטאַפּן וועלן מער מײַנע אויגן
דײַנע הילצערנע טויערן,
ניט קלעפּן וועט זיך מער צו מײַן נאָז
דער רויאַך פון צעפּוילטע שטרוי,
איך האָב מײַן געזונטן לעבן אַוועקגעטראָגן
מיט צעזעגלטע שיפן
אױף אַ פאַלשער ערד;
און אָפּגעגעבן האָב איך די אויסגעוואַקסענע יאָרן
אױף פאַרפּאַנצערן זיך מיט שטאָל און רויך,
וועט דען רויך מיט פאַרקאָכטן שוים

אפן פויק פון פאַרגליווערטע מעש,
אַ גרוס אַ בלוטיקן צו דיר אויסציען
פון דעם ווייטערדיקן לעבן וואָס איך האָב דאָ אויסגעאטעמט?
ווייל אָפּגעריסן האָב איך דאָך פון דיר
אַזעלכע אופגעבליטע לעבנס,
און געלאָזט האָב איך דיין פעלד שטיין
אַ ניט-צעאַקערטע,
איז ווי אַזוי וועט אופגעגרינטער ברויט
דיין פאַרשעמטע טראַכט קענען אויסטראָגן ?

היים מיינע דאָרטן !
דיין פאַרבונדענע שטילקייט
אין וועלכע איך האָב זיך פאַרוויגט,
ליגט שוין לאַנג אַ פאַרגעלטע צעטראָטן,
אָנגעשטאָכן איז מיין יעדער ביין
מיט צעעפנטע מענטשלאַכע פאַלשקייט ;
און מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס
האָט מען מיט צניעסדיקע מאַסקעס,
וויי-געלעכטער אף מיין וועג פאַרזייט,
ראַנגל איך זיך מיטן אויסגעברענטן זיגל
וואָס גלאַנצט אַראָפּ פון שטעכעדיקן הויקער
אַף וועלכע מיינע ווייטערדיקע יאָרן האָבן זיך באַזעצט.

היים מיינע דאָרטן !
צי וואָלט איך נאָך דערקענט
די צוועלף יאָר

וועלכע דו האסט מיר אזוי ציטעריק אויסגעוויינט?
וואס מאכן זיי דארטן?
איך האב דאך אפילע יעדע גאס
ניט געקענט מיט א יאר מיינעם באפוצן,
כאטש מיין וויטערדיקער לעבן
וועט אף דיין נאמען קריניק צוגערעכנט,
איז אויסגעגלאצטע וואלגערן זיך
די יארן וואס איך האב פון דיר אפגעריסן,
און א פארשולדיקטער קייקל איך זיי
אף פארשפיצטע בערג ארוף.

היים מיינע דארטן!
ניט פארשעמען וועל איך דיין נאמען
וועלכן דו האסט אויסגעהאדעוועט
האבן פון דיר אויסגעשטאלצט,
און ניט אפוואשן וועל איך די בלוט
פון מיין פעטער מייער,
וועלכן דו האסט אויסגעהאדעוועט
פארן גרויסן קאמף.
בינד איך אן אף זיך
דעם וויטערדיקן וועג,
וועלכן מיין פעטער מוישקע
שארפט דארט ביי דיר אויס.

## .... צו דיר

זון מיינער!
אַט שטיי איך פאַר דיר אַ איינגעקנוילטער:
נעם ברען אוים אַף מיין הוילע לייב
דעם צאָרן וואָס מען האָדעוועט אין דיר.
שנייד איבער דעם פאַרטריקענטן שנור
וואָס האָט שוין מיינע ביינער באַלד אויסגעגריזשעט,
ווי אַזוי קען איך איצטער מיין וואָרט
אַ אויסגעוואַשענעם אויסצירן,
אַז איך האָב שוין די האַרץ פון טאָג צעטראָטן.
איז לאַך!
דאָס איז מיין געלעכטער!
אַט שטיי איך אַ סטראַשידליקער!
האָסט אַליין געזען ווי איך האָב פויסטן
אין הורבעס אָנגעוואָרפן.
פאַטשסטו איצטער מיין קלאָלע
אַף דער פאַרהאַרטעוועטער הויט,
ברענסטו מיט מיין נאָמען
דעם פאַרגעלטן שאַרבן,
ווייל וואָס האָסטו אויסגעזויפט
פון מיין גאַנצן טאָן?
און צו וואָס פאַר אַ אָרט

האָב איך דיין וועג באַשטימט ?
אַ צעריסענער בין איך !
איבערגעשפּאָלטן איז אין מיר מיין וואָרט.
איז וואָס פאַר אַ בייטשן האָבן עס
די בלוט מיינע אָנגעצונדן ?
און וואָס פאַר אַ אָטעם
האָט עס מיינע ליפּן פאַרסאַמט ?
שפּיזן פאַרטעמפּטע גריבלען דאָרטן
אין מיין מויאַך.
און אויסגעטשירעט האָט שוין לאנג די אומרו
מיינע ביינער איבערגעזעגן.
טעג אַזעלכע אופגעלאכטע
איז אין מוטנעקייט צערונען,
און פון פעטע נעכט
האָב איך שלאנגען אויסגעאָדעוועט,
פּאשען זיי צעגלאנצטע
אַ צעקרימטן פרימאָרגן אַף מיין לייב :
איז לאַך !
דאָס איז מיין געלעכטער !
איך האָב דאָך שוין אין ניט געציילטקייט
לאַנג מיין צונג פאַרשאָלטן,
איך האָב דאָך שוין מיין פּאָנעם
לאנג פון בלאָטע אויסגערייניקט
דאָך וויינען אין מיר די זאפטיקע מינוטן
וואָס איך האָב פאַרווילדעט, פון דיר אָפּגעריסן.

רייסט זיך אַ פֿאַרשווייסטער פּלאָנטער
אין אַלע ווינקלען וואו מיינע אויגן דערבלאָנדזשען.
זיפּצט אַ צעגלאָצטער,
מיין ניט אויסגעקלאָרטער לעבן.

# מאַמע מײַנע

I

מאַמע מײַנע!
לידער האָב איך געוואָלט אויסוויקלען,
דײַנע גרויע האָר מיט זיי גלעטן,
בין איך אַ פֿאַרהאַרטעטער געוואָרן
ווי דאָס אײַנגעבויטע אײַזן אין די מויערן.
טעמפּקייט שליידער איך
אויף דײַנע קנייטשן,
אין וועלכע דײַנע ניט דערשלאָפֿענע נעכט
וואָס דו האָסט פֿאַר מײַן אויפֿוואַקסן אָוועקגעוואָרפֿן,
בוקן זיך פֿאַרוויינטע פֿאַר מײַן שווערן גוף.
צעטומלט קוקסטו אויף מײַנע גרויסע הענט,
וואָס זײַנען איבער נאַכט צוזאַמען מיט מיר אויסגעוואַקסן,
און מײַן גראָבער קול וואָס ריטשעט
ווי אַ וואָגן אונטער אַ שווערע מאַסע,
דערמאָנט דיר אָן שיידים נאַכטיקע,
מיט וועלכע מען פּלעגט דיר אַ שרעקעדיקע פֿאַרשלעפּערן,
אַ פֿרעמדער שטיי איך פֿאַר דיר!
נאָך פֿרעמדער ווי דײַן מאַן איז דיר געווען
פֿאַר דער כופּע־נאַכט דײַנער!

פארשעמט האָב איך דעם שטאם,
וואָס גלעטן זיך ביז דיר
פון דוירעס לאנגע, מיט וועלכע דו האָסט
דיינע ווענט אויסגעצירט.
און נאָענט איז דיר דער זון,
דער דריטער פון דיין לייב,
וואָס דערמאָנט דיר אָן זיי!
מיט זיין רואיקן גאנג,
מיט זיינע ווייסע הענט,
מיט די זאַטע ליפּן
און צעפרידענע אויגן,
ווייל געלט האָט ער א סאַך אָנגעזאמלט
דאָ אין דער געביקער לאנד:
און איך, ווי גראָז שטעכיקע
אַף א ווילדער וועג,
שטיי אליין מיט שטיינער אַרומגעלייגט.

II

מאַמע מיינע!
וואָס האָב איך געמאכט פון לעבן
וואָס דו האָסט פאַר מיר אויסגעוועבט
פון דיינע מיידלשע כאלומעס?
ווייל דער ערשטער בין איך דאָך באַ דיר!
אַף שיינקען-טישלאך
לאָז איך אים איבער,

און אין רינשטאָקן
וואַלגער איך דאָס לייב,
וואָס דו האָסט אַזוי ציטעריק אויסגעגלעט.
ווײַל איך דעם פּאָנעם מײַנעם פון דיר
אין אַ ווײַטן ערגעץ אַוועקטראָגן,
צוזאַמען מיט די בלוט אין מיר
אַף וועלכע דו וויינסט נאָך אויס
דײַנע אַלטע יאָרן
וואָס אַ שטיק רויע פלייש
אנשטאָט מיר,
האָט דײַן טראַכט ניט אויסגעטראָגן,
און וואָס ווי יעדער גאַסניונג וואָס יאָגט זיך מיט
היימלאָזע קעץ
שנייד איך זיך אַ באָרוועסער איבער שטאָט הויפן,
מיט טייטלדיקע פינגער אין פּאָנעם,
מיט פּעכיקן געלעכטער אפן לייב,
קריך איך אַף פאַרקאַנעם אַ צעוואונדעטער,
און פייף ווי שימען דער מעשוגענער
בײַ דיר אין דײַן שטעטל.

III

ניט קיין סערענאַדעס
האָט דער געליבטער דײַנער
אונטער דײַנע פענצטער אויסגעקרעכצט,
אָבער ניט ווי איך

האָט ער כוצפּע אויסגעשפּרייט
פאַר די, וואָס געליבטע זיינען מיר.
אָ, ניט ווי איך!
ווייל מיעס איז מיר מיין אייגענער אָטעם,
און אונטער יעדן טראָט
שפּרינגט די קלאָלע
וואָס זיי טראָגן נאָך פּיס מיט זיך.
אַ פרעמדער בין איך!
פרעמד ווי ערד ווייטע
וועלכע האָט נאָך קיין מענטשלאַכע
פאַלשקייט ניט דערפילט,
און ניט אייגן איז מיר
די פיר ווינקלען וואָס מען דאַרף היים מיינע רופן,
און ניט נאָנט איז מיר די
פאַר וועלכע איך האָב מיין לעבן איבערגעזעגנט,
ווייל עמיצנס אַ קלאָלע פון דיינע אייגענע דוירעס
האָט זיך אַף מיר איבערגעטראָגן.

IV

פרעגן וואָלט איך געוואָלט:
ניט וואָס ווי אַ שמאַטע
וויל יעדער מיט מיר זיין שטויב אַרומווישן,
ניט וואָס פריינט זיינען נאָר די,
וואָס טרינקען מיט מיר אַלקאָהאָל צוזאַמען,
נאָר ווי לאַנג וועלן נאָך די לונגען אָנציען

פוצנדיק פעל פאַר מאַנטלען רייכע?
און ווי לאַנג וועט נאָך מיין גוף
דעם אייגענעם צאַר דערטראָגן?
ווייל אָפּגעשניטן האָבן זיך די וועגן
מיט די וואָס דאַרפן מיר נאָנט זיין,
דריי איך זיך אַליין אַ פאַרלאָזטער
מיט אויגן וואָס קוקן צעשראָקענע אַף מיר,
ווי איך וואָלט פון אַ שטייג זיך אַרויסגעריסן.
ברענען זיי מיט צאָרן, די פלייש מיינע,
ווייל מיין וועג איז אַן׳אַנדערער געוואָרן!
טראָג איך זיך מיט מיין טרויער
פון קיינעמניט דערפילטער,
פון קיינעמניט געזעענער,
ווי דער וואָלף טראָגט זיין הונגער
מיט אויגן אָנגעצונדענע.

V

ניט געזאַנג זיינען מיינע לידער,
כאָטש פּאָעט רופט מען מיר.
און פרעמד פאַר דיר איז דער טיטל
וואָס מען האָט אַף מיינע פּלייצעס אופגעהאַנגען,
ווייל ניט קיין צילינדער טראָגט מיין קאָפּ,
און קיין שיינע ווערטער באַצירן ניט מיין שפּראַך
וועלכע איך האָב פון די פאַבריקן אָנגעזאַמלט,
און ניט איידל זיינען מיינע פינגער

וואָס דורך זיי שרייט דער געוואלד אַרויס,
און ניט שטאָלץ בינסטו מיט מיר,
וואָס די נויט איז מיין שותּף געוואָרן,
בין איך ווי אַ איבעריקער פארשארט געוואָרן,
ווייל דיין דריטער זון
איז שוין דער לעצטער פון דיין שטאם,
איז ווילד פאַר דיר מיין בלוט,
ווייל שפּיזן איז אין מיין פלייש,
טראָג איך מיין ליד
צו די, וואָס שרייען מיין געשריי,
פויק איך צו די, וואָס טראָגן מיין וויי!
רעווע איך מיט גרילץ
צו די, וואָס דערפירן מיין קאַמף!
מאַמע מיינע!

# אינהאַלט

## אָפּטיילונג אַמעריקע



## אָפּטיילונג מעש און ליבע

## אָפּטיילונג בויערי



## אָפּטיילונג מיט זיך



ציי‏כנונגען פון יודע גאַמבערג, יאָסל קאָטלער און י. דיינאָוו

181 טרייענגל דרוקעריי, 112 פערטע עוועניו, ניו יארק, נ. י.